# גאָט'ס קאָסירע

א מערקווירדיגע, עפעקטפולע נאָוועלע.

פרייז נאָך טשאַקע

פון

א. דאמעראצקי.



וואַרשא — 1912 — תרע"ב

דרוק „אוניווערסאַל". לעשנא 31.

אם הטיבות הרבה יהיה בעיניך
מעט; ואמור: לא משלי הטיבותי,
**אלא** ממה שהטיב לי הקב"ה.
**(דרך ארץ זוטא).**

# הערר מעהלזאק.

מען דערצעהלט נאָך חיינטיגען טאָג אויסטערלישע זאַכען און לעבערליכע עובדות פון איינעם — — זיין אמת'ן נאָמען טאָר איך דאָ נישט אָנרופען, און אַ נאָמען מוז ער דאָך האָבען; אַלזאָ זאָל ער הייסען פאַר אונז הערר מעהלזאַק. מען דערצעהלט נאָך היינטיגען טאָג פון דעם העררן מעהלזאַק פערשיעדענע וואונדערליכקייטען. איך וויל אויך איינע פון זיי דערצעהלען, וואָס איז קנאַפּער בעקאַנט, אָבער זעהר וואָהלטעטיג געוואָרען דורך איהרע פאָלגען.

ער גופא איז געוועזען אַ מענש פון אַ גלייכען, איינפאַכען פערשטאַנד, אָהן לוסט צו אַנאָמען און כבוד, אָהן בעגעהר צו אויסצייכנען זיך, אין האַנדעל און טהואַכץ עהרליך ווי עס קאָן נאָר זיין, און דאָך האָט ער געהאַט אַ שם פאַר אַ וואונדערליכען. די לייט האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַ מין שוטה, מיט וועלכען ס'איז נישט פיעל אָנצוהייבען; און ער האָט זיי דאָס גאָרנישט פאַר אומגוט גענומען; דען די לייט, האָט ער געזאָגט, האָבען גאַנץ רעכט. איך לעב לויט איינענע איבערצייגונגען, דאָס רופט אַרויס פערוואונדערונג. די לייט אָבער לעבען לויט דער מיינונג פון אַנדערע, און אַזוי שווימען זיי מיט'ן שטראָם און דערוועקען נישט פערוואונדערונג. זיי, נישט נאָר זיי קליידען זיך נאָך דער נייסטער מאָדע, זאָנדערן זיי עסען אויך נאָך דער מאָדע, דאַרום שמעקט זיי אַפילו קעז־ווערים גוט. זיי דערציהען נאָך דער נייסטער מאָדע, לעהרנען, אורטהיילען, דענקען, בערעדען, שענדען, לויבען, ליעבען, האַנדלען, אַלעס נאָך דער מאָדע, נישט נאָך זייער אייגענער איבערצייגונג און נאָך אייגענעם געפיהל. דאַרום זעהען זיך אויס די כאַראַקטערען פון די לייט אַזוי עהנליך, אַז עס שיינט גאָר קיין כאַראַקטערען נישט מעהר צו זיין.

ערר מעהלזאַק איז געווען אַ זעהר רייכער מאַן, און צוואַר איינער פון די, וואָס האָבען מיט גאָרנישט אָנגעהויבען. בחור־וויז האָט ער געהאַט געדיענט אַלס משרת אין אַ גרויס האַנדעלס־הויז אין אָדעס, וואו מ'האָט איהם מיט דער צייט אַלע מאָל מעהר צו וויכטיגערע זאַכען בענוצט און אַפאָר מאָל קיין אָסטאינדיען געשיקט. ער האָט אָנהגעהויבען נאַכהער צו מאַכען קליינע עסקים אויף אייגענע ריזיקע; פון די קליינע עסקים זענען ענדליך גרויסע געוואָרען.

כדי אין דער צייט פון זיין רייזע צו האָבען אַ טרייען אויפזעהר איבער זיין פערמעגען, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ טוגענדהאַפטע פער'יתומ'טע מיידעל. דאָס מיידעל איז געזעסען אויף אַ צוים און האָט געוויינט, בעת ער איז אַ מאָל געפאָהרען דורך אַ קליין שטעדט'ל אויסער דער טשערטא. ער האָט געפרעגט: וואָס פעהלט דיר? — „מיין מאַטע איז געשטאָרבען, טרייבען זיי מיך אַרויס; זיין טוידט, זאָגען זיי, לישאַעט מיין פראַוואָזשיטעלסטווא". — קום מיט מיר; איך וועל דיר העלפען". — ער האָט גענומען די פער'יתומ'טע און איז געגאַנגען מיט איהר ביז צו דער פאָסט, פון דאַנען האָט ער זי אַוועקגעשיקט אין זיין היים; אַ יאָהר לאַנג האָט געמוזט די יתומה פיהרען זיין ווירטשאַפט; דאַן האָט ער מיט איהר חתונה געהאַט.

„איהר זענט אַ שוטה!" האָבען געזאָגט זיינע גוטע פריינד: „איהר קענט דעם בעסטען שדוך טהון, די שענסטע, די רייכסטע קומט אייך, ווען איהר ווילט. אָבער אַזאַ שטיק פון צוים אַראָבנעהמען און הייראַטען!" — „לאָזט געהען", האָט געזאָגט מעהלזאַק: מיר האָב איך אויסגעקליבען דאָס בעסטע, דאָס הייסט די גרעסטע צנועה."

ווען ער איז רייך געגוג געווען, האָט ער פלוצלונג איינגעלעגט דעם האַנדעל; האָט אַוועקגעגעבען זיין געלד, הגם אויף קליינע צינזען, אין זיכערע הענד, און זיך אַוועקגעזעצט אין רוה. — „איהר זענט אַ שוטה!" האָבען געזאָגט זיינע גוטע פריינד: קוים פינף און פיערציג יאָהר אַלט, און שוין זיך אַוועקזעצען אין רוה! ערשט יעצט קענט איהר אונגעהיירע שפעקולאַציעס מאַכען, איהר האָט די געניטקייט, איהר האָט דעם קונה הכל, די מטבע!" — „לאָזט געהען", האָט געזאָגט דער גביר מעהלזאַק: איך

ווילֿ יעצט פון מיין איינגעשאַפטען ברוידט עסען, ווייל איך האָב נאָך ציין צום בייסען״.

ער איז געווען, ווי געזאָגט, זעהר רייך, און דאָך האָט ער געוואוינט אין אַ קליין בעל־הבתיש הויז; איז געבליבען מיט איינפאכע מעבעל און קליידער; האָט נישט געהאַלטען קיין קאָטשען און פערד; — יעדער בעל־מלאכה אין דער גרויסער שטאָדט האָט מעהר פערברויכט, איידער ער. דאַגעגען, ווען איהם איז אָנגעקומען די קאַפּריז, און ער האָט געהאַט די קאַפּריז גענוג אָפט, האָט ער געגעבען געמיינע לייט גרויסע נדבות; חתונה געמאַכט אָרעמע יתומות און בעקליידט אויף זיינע הוצאות; אויסגעקויפט געשיקטע יונגע לייט מיט אַ סך געלד פון מיליטער־דיענסט; אָדער בעצאָהלט אַדוואָקאַטען, אום צו פערטיידיגען אינטערעסען און פראצעסען פון מענשען, וועלכע זענען איהם גאָר פרעמד געווען. אַזוי האָט ער זיך אַריינגעמישט איבעראל אין פרעמדע קאָפּדרעהענישען, און האָט פיעל געלד פערבראַכט. דאַגעגען, ווען מענשען פון הויכען שטאַנד און פיעל פערמעגען זענען צו איהם געקומען געלד לייהען, האָט ער געהויבען די פלייצעס און נישט געהאַט. „איהר זענט אַ שוטה!״ האָבען געזאָגט זיינע גוטע פריינד: איהר ווייסט נישט וואָס אָנצוהייבען מיט אייער רייכטהום. מאַכט אַ גרויס־אַרטיג באַנק־הויז. איהר דאַרפט נאָר ווינקען, און די ערשטע פאַמיליעס פון דער שטאָדט, די גרעסטע בעלי־דעות און רעדעלפיהרער אין דער מדינה ווערען אייערע פריינד. ווילט איהר אַ טיטעל? ווילט איהר אַ יחוס־בריעף? פאַר וועמען זענט איהר דען רייך? פאַר די הקדש־לייט, פאַר די דלפנים דאָך נישט, מיט וועלכע איהר גיט זיך אַזוי גערן אָב?״ — „לאָזט געהען״ האָט געזאָגט דער גביר מעהלזאַק: איך בין אָרעמער, ווי איהר רעכענט. איך טאָר נישט קיין גראָשען פערשווענדען. איך בעדאַרף מיין געלד דורכאויס.

„עס איז נישט מעגליך! איהר מוזט בודאי האָבען יעהרליך װעניגסטענס ביי פונפציג טויזענד רובעל געלד־רוחים?״

„דאָס טאַקי״, האָט געענטפערט הערר מעהלזאַק, אָבער דערפון בעדאַרף איך טויזענד פינפהונדערט רובעל צום אויפהאַלטען מיין הויז, און דאָס איבריגע געהערט צו די, וועלכע וועניג האָבען; גאָט האָט מיך געמאַכט צו׳ם גבאי פאַר די גוטע לייט.

הערר מעהלזאַק האָט פערלוירען אין דעם אייגענעם יאָהר

און דורך איינע אזוי דיזעלבע קראַנקהייט זיין איידעלע פרוי און צוויי ליעבענסווירדיגע קינדער. ער איז געווען ווידער איינזאַם. מ׳האָט געוואָלט איהם אַביסעל אויפהייטערן. „לאָזט געהען", האָט ער געזאָגט, איך בין גאָרנישט טרויעריג; פערקעהרט אַ סך גליקליכער, איידער פריהער. איך לעב יעצט אין צוויי וועלטען, מיין ווייב מיינע קינדער געהערען מיר אומעטום און אייביג, און איך זיי. איך בעט אייך, מאַכט נישט קיין וויינענדיגען שפּאַס מיט מיר; זייט מיך נישט מנחם".

---

# דער שטורמווינד.

פון דעסטוועגען איז איהם דאָך דורכ׳ן פערלירען זיין ווייב און קינדער געוואָרען די וועלט אַביסעל וויסט, דאָס לעבען אַביסעל לאַנגווייליג. ער איז געשטאַנען אומעטום פערער בערבה, איינזאַם, אַליין. ער האָט געמאַכט אָפט, אום אַרויסשלאָגען זיך פון זינען, נאָהנטע און ווייטע נסיעות. עס האָט געהאָלפען בשעת מעשה. ער איז אַרויסגעקומען אָפט מיט רויט־פערוויינטע אויגען פון זיין קליינעם שרייבצימער. דאַן האָבען איהם זיינע הויזבעדיענטע אַנגעקוקט מיט פול רחמנות, דען אַלע האָבען איהם ליעב געהאַט, ווי אַ פאָטער. — „איהר האָט רעכט, קינדער, בעדויערט מיך נאָר. איך פערדיען עס. אָבער טרייסטען זאָלט איהר מיך נישט. מיטלייד איז מיר נייטהיג, אָבער טרייסט נישט; דאָס גיעט מיין האַרץ בעסער, ווי איהר; אָבער דעם מענשליכען שמערץ, דאָס שפירען דעם מאַנגעל פון דער געוואונטער ליעבע, דאָס אַלעם וועט די צייט בעסערען, נאָך האָט זי גאָרנישט געבעסערט.

צערשטרייאונג, דאָס האָט ער געפיהלט, זאָל די בעסטע רפואה זיין. ער האָט בעזוכט אַלע פלעצער פון דער גרויסער שטאָדט אַרום און אַרום. ער איז געווען אין אַלע לוסטגערטנער, אין אַלע פערגניגענס־ערטער. איינמאָל אין דעם טהיער־גאָרטען.

אַ גרויסער עולם האָט זיך אַרומגעטומעלט דאָ אין דעם גרינעם, אַנגענעהמען אָרט, ווי עס פלעגט אין די זומערטעג צו זיין. דעם העררן מעהלזאַק האָט עס שטענדיג אַ הנאה געטהאַן, צו זי׳,

אין דער ווידמענדיגער מענגע פון די פרעהליכע. — אָבער די שמחה איז באַלד געשטערט געוואָרען דורך אַ געוואַלטיגען שטורמ-ווינד, וועלכען עס האָבען בעגלייט רעגען, דונערען און בליצען. די הויכע בוימען האָבען זיך געוואָרפען זשוויענדיג, ווי די לייכ-טע זאַנגען אין פעלד, אַהין און אַהער. די בודעס זענען געוואָרען פערמאַכט; די קרעמער האָבען איינגעפאַקט; די מוזיק אין די קשאַקען האָט אויפגעהערט; די טענצער זענען זיך צולאָפען.

הערר מעהלואַק איז געבליבען רוה'ג שטעהען אין דעם ליאַרם פון דעם שטורם און פון די מענשען. איהם האָט פערגניגען געמאַכט דער אָנבליק. די ברייטע וועגען זענען געוועזען באַלד לעער; ווירבעלווינדען האָבען געשלעפט שטויב-וואָלקענס אין דער הויך אַרויף. אינדעם איז געקומען געשווינד צולויפען אַ יונגע פירשטין אויס אַ זייטיגען וועג פון דעם לוסטוואַלד; זי האָט געהאַט זיך פערשפע-טיגט, נעבען איהר אַ פאָר אָפיצירען, וועלכע האָבען מיה געהאַט, צו האַלטען גלייך אַרויף ענטקעגען דעם ווינד די הויכע שטרויס-פעדערן פון איהר הוט. פלוצלונג איז דאָ איבער אַלעס בעפאַלען אַ שטורם מיט אַ ווירבעלווינד. דער שלייער פון דער יונגער פירשטין איז אַרויפגעפלויגען הויך אין די לופט. דערשראָקען האָט אויסגע-שטרעקט די בערויבטע איהרע אָרעמס צו דעם אַוועקגעחאַפטען תכשיט. דער שלייער איז געבליבען הענגען אויפ'ן שפיץ פון אַ טענענבוים, ווי שפינוועבס.

„שאַפט מיר מיין שלייער צוריק!" האָט געזאָגט דאָס פרויענ-צימער: שאַפט מיר איהם צוריק! איך מוז איהם האָבען. ער איז מיר געגעבען געוואָרען פון מיין מוטער אַלס מתנה צום ניי-יאָהר. ער האָט פאַר מיר אַ ווערט גאָר אָהן אַ שעור."

די הערען האָבען צוגעהאַלטען פעסט זייערע הויכע צילינדער-היט, האָבען אַרויפגעקוקט און געמאַכט מיט די פלייצעס.

„איך מוז איהם צוריק האָבען, עס זאָל מיר דאָ אַפילו דאָס לעבען קאָסטען; איך געה נישט פריהער אַוועק פון דאַנען!" האָט געזאָגט די פירשטין און איהרע אויגען זענען געוועזען פול טרערען.

די הערען האָבען אין אַ ביטערע פערלעגענהייט נאָכאַמאָל אַרויפגעקוקט צום שפיץ פון דעם טענענבוים. איינער האָט גע-זיפצט, דער צווייטער האָט זיך געקראַצט אין קאַרק, דער דריטער האָט גענומען אין פערצווייפלונג אַ שמעק טאַבאַק, דער פיערטער

האָט זיך געניינט נישט רעדענדיג, אַזוי ווי ער זאָלט וועלען דער־מיט ערקלערען, אַז איז אונמעגליך צו ערפילען די פירשטליכע בקשה.

„איהר האָט דאָך אָפּט געשוואוירען, צו וועלען דאָס לעבען פאַר מיר אָפּפערן: פאַרוואָס שטייגט דען קיינער נישט אַרויף אויפ׳ן בוים? עס קלעטערט זיך כ׳לעבען גאַנץ בעקוועם פון אונטען אָן! הערר מאַיאָר איהר זענט דער אינגסטער. ברענגט מיר דעם שלייער!״ האָט געררופען די פירשטין וויינענדיג.

דער הערר מאַיאָר האָט געקוקט דערשראָקען אויף זיינע ווייסע קאַזמירנע הויזען און אויפ׳ן הויכען, וואַקלענדיגען טענענבוים — זיבעציג פוס הויך האָט ער געקאָנט געווים זיין. ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי ער זאָלט וועלען זיך צוגרייטען צו דעם סכנת׳־דיגען וועג. האָט זיך אויסגעהוסט און איז דאָך נישט געגאַנגען קיין טריט פון דעם אָרט.

ווי דער אַלטער גביר מעהלזאַק, אַזוי האָט געהאַט אויך אין דער גאָהנט צוגעהערט דעם שמועס אַנ׳אָבגעריסענער צוועלפיעה־ריגער יודישער בעטלער־אינגעל.

„איך וועל קענען דאָס טיכ׳ל דאָרט אויבען שוין אַרונטערקרי־גען, ווען איהר הייסט!״ האָט געזאָגט דער אינגעל, און האָט גע־מאָסטען מיט לעבהאַפטע אויגען די הייך פון דעם טענענבוים.

„מאַרש! געשווינד אַרויף!״ האָבען געשריהען אַלע פינף צו־זאַמען מיט אַ הויכען קול.

דער אינגעל האָט זיך כמעט גאָר נישט מישב געווען. ער האָט געקלעטערט פון צווייג צו צווייג אַרויף; מ׳האָט איהם לאַנג נישט געזעהען, ביז ער האָט זיך גאָר אויבען ביים שפּיץ בוים ווידער בעוויזען. דער שטורם האָט געווילדעוועט אויפ׳ם גיי און געוואָרפען די בוימען זשוזיענדיג איינעם אויפ׳ן אַנדערן. דער אינ־געל האָט אַרומגענומען פעסט דעם דינעם שפּיץ, וואָס איז מיט איהם ווייט און ברייט אַרומגעפלויגען. דער אַלטער מעהלזאַק האָט געציטערט, ווען ער האָט דאָס געזעהען. די אָפיצירען האָבען גע־לאַכט; די פירשטין איז אויפגעשפּרונגען הויך פאַר שמחה, זעהענ־דיג דעם שלייער אין דער האַנד פון דעם מופקר. „ווען דער אונטויג־ליכער זאָל איהם נאָר נישט צרייסען!״ האָט זי גערופען דאַן ווידער מיט אַ בייעם פחד.

מיט מזל האָט איהם דער יודישער אינגעל אַראָבגעבראַכט,

„אַ דאַנק דעם אויבערשטען!״ האָט געזאָגט די פירשטין און איז גליקליך אַוועקגעשפּרונגען פון דאַנען, אום זיך פאַר דעם שטורם צו בעהאַלטען, און איהרע בעגלייטערס זענען איהר נאָכגעלאָפּען. דער אינגעל איז געלאָפען מיט אַ אויסגעשטרעקטע האַנד הינטער זיי, אַ נדבה בעטענדיג; דער קאַמערהערר האָט איהם צוגעוואָרפען קליינע מטבעות, דער אינגעל האָט זיי אויפגעהויבען פון דער ערד און בעטראַכט זייער ווערט.

הערר מעהלזאַק, קיינמאָל נישט נייגיריג, איז עס דאָך דאָס־מאָל געווען. דען דער אינגעל, זיין פריי מיענע, זיין פריינדליך וועזען, זיין מוט האָבען ביי איהם חן געפונען. אויך ער האָט שוין געהאַט די האַנד אין דער טאַש, אום איהם פאַר׳ן מופקר־שטיק צו בעלוינען.

„וואָס האָבען זיי דיר געגעבען?״ האָט ער געפרעגט. דער אינגעל האָט איהם געוויזען דאָס געלד אין דער אָפענער האַנד, וואָס איז געווען פון זשיוויצע איינגעפלעקט און פון די האַסטען צעריסען. „פינף גראָשען, הערר!״

„פינף גראָשען!״ האָט געזיפצט דער אַלטער מעהלזאַק: „גוטער יונג!״ ער האָט גענומען אַ פולע האַנד קליינע מטבעות, און אָנגע־פילט דערמיטביידע הענד פון דעם אינגעל, וואָס, זייענדיג זעהר ערשטוינט איבער׳ן רייכטום, האָט אָנגעקוקט באַלד דאָס געלד, באַלד דעם וואָהלטעטער, און ענדליך געפרעגט: „זאָל אין גאַנצען פאַר מיר זיין?״

„אין גאַנצען! און וואָס וועסט דו דערמיט טהון?״

„איך וויים אַליין נישט. נייע בגדים קויפען. איך קאָן איצט ווי אַ פּריץ לעבען.״

„האָסט דו נישט קיין פאָטער?״

„ניין, שוין זייט צוויי יאָהר נישט מעהר. דער טאַטע איז געווען אַ סאָלדאַט און איז אין דער מלחמה אומגעקומען; די מאַמע איז געשטאָרבען, און איך בין נע ונד, ווי איין אַרויסגעיאָגטער הונד.״

„גיעב מיר דאָס געלד צוריק, אינגעל.״

„אין גאַנצען?״

„אין גאַנצען.״

טרויעריג האָט עס געגעבען דער אָרימער אינגעל צוריק, און

אַ פּאָר טרערען האָבען בעדעקט דעם גלאַנץ פון זיינע גרויסע שוואַרצע אויגען.

„אויך די פינף גראָשען גיעב מיר."

„ניין, די זעגען מיינע".

דו זאָלסט קיין געלד נישט מעהר נייטהיג האָבען. עס נוצט דיר נישט. איך נעהם דיך צו מיר אין מיין הויז. דו זאָלסט מיין זוהן ווערען, ווען דו ביסט עהרליך. ווילסט דו דאָס?"

„ווען איהר מיינט עס אויף אַנ'אמת?"

„האָסט דו נאָך מעהר געלד?"

דער אינגעל האָט געהאַט נאָך עטליכע קופּערנע מטבעות און אַ גרויס שטיק ברוידט. הערר מעהלזאַק האָט איהם דאָס צוגענומען און געלאָזען איהם מיט זיך געהען.

---

## ערציהונג.

דער קליינער זעליג ברודאַש איז געוואָרען איבערגעקליידט, אָבער זעהר איינפאַך, אין גראָב טוך. ער איז געווען געוואוינט, אין שטאַלען, אין חורבות אָדער אונטערען פרייען הימעל צו איבערנעכטיגען. דער רייכער מעהלזאַק האָט איהם געגעבען צום שלאָפען אַ שעניק, און צום ערנעהרען די ביליגסטע שפייזען.— דער אינגעל איז געווען מלא שמחה ווי ער וואָלט געזעסען אין זיעבענטען הימעל, גערייט צו טהון אַלע בעפעהלען, שטענדיג פריינדליך, אָהן פערדרוס, אונטערטעניג, האָט געוויזען פיעל נאַטירליכען פערשטאַנד, אָבער געווען אַנ'עם־האָרץ אין אַלעם דינג, וואָס געהערט נישט צו די געניטשאַפט און מעשים פון אַ בעטלער. נאָך אַ משך פון אַ קנאַפּען יאָהר, איז דער יונגער זעליג געווען אַזוי ווייט געקומען, אַז מ'האָט איהם שוין געקאָנט ווייזען דער וועלט און אַרומשיקען וועגען געשעפטזאַכען. ער האָט זיך, הגם מיט מיה, איינגעוואוינט צו אָרדנונג, צו ריינקייט. זיין גוט האַרץ האָט איהם פערשאַפט ביי אַלע אין דעם הויז חן און ליעבשאַפט. הערר מעהלזאַק האָט איהם גערופען „מיין זוהן" און בעשלאָסען פון איהם עפּעס רעכטס צו מאַכען. זעליג האָט געמוזט אין די שטאָדט־שולע געהען. ער איז געווען פלייסיג. עס איז איהם געווען לכתחלה

שוועד; אָבער עס איז געגאַנגען. די שמחה פון דעם וואָהלטעטער איבער זיינע פאָרטשריטען איז געווען פאַר איהם דער גרעסטער לוין; הערר מעהלזאַק׳ס קאַלטקייט — די ביטערסטע שטראָף.

דאָך וויל איך דאָ נישט די ערציהונג פון דעם בעטלערישען אינגעל בעשרייבען. נאָר אָט דער אינהאַלט, ווייל ער בעצייכענט דעם הערר מעהלזאַק׳ס כאַראַקטער, זאָל זיין נאָך געזאָגט. זעליג ברודאַש, זוּבאַלד ער איז עטליכע יאָהר אין דעם הויז געווען, איז ער געזעסען ביי מעהלזאַק׳ס טיש. ער האָט געקאָנט פון אַלע נאַשערייען, מאַרציפּאַנען און לעקערבּיסען געניסען; אָבער הערר מעהלזאַק האָט איהם געגעבען אַ גוטע הסכּמה, ווען ער האָט מיט ברוידט, פלייש, קאַרטאָפעל און אַרבעס פאַרליעב גענומען. ער האָט געקאָנט אין ווייכע בעטען שלאָפען; אָבער הערר מעהלזאַק האָט זיך געפרייט, ווען זעליג איז זיין שעניק, דעם שטרויזאַק, טריי געבליבען. זעליג האָט בעקומען אַלע וואָך אַ האַלבען רובעל טאַשענגעלד, אָבער אויף זיך גופא האָט ער נישט געטאָרט קיין גראָשען דערפון אויסגעבען; ער האָט געמוזט עס לטובת אַנדערע בענוצען; דאָך איז איהם ערלויבט געוואָרען, פאַר זיך דערפון אָבצושפּאָרען, אום ער זאָל האָבען, ווען הערר מעהלזאַק וועט אַ מאָל אפשר גאָרנישט מעהר האָבען צו געבען. — „פאַר דיין אייגענעם נפש זאָלסט דו ווייניג בעדאַרפען, ווייניג געברויכען; אַלעס פאַר אַנדערע האָבען און זיין!״ דאָס האָט איהם זיין וואָהלטעטער געזאָגט ביי יעדער געלעגענהייט. ווען זעליג איז זעכצעהן יאָהר אַלט געווען, האָט איהם הערר מעהלזאַק געגעבען צום געבורטסטאָג פיערהונדערט רובעל. „יעצט, ליעבער זעליג״, האָט ער געזאָגט, „וועלען מיר זיך מיט אונזער הויזווירטשאַפט טהיילען. דאָ האָסט דו געלד. יעצט בעקעסטיג און קלייד דיך דערפאַר, בעצאָהל דיינע לעהרערס; שאַף דיר איין, וואָס דו ווילסט. דו קאָנסט ביי מיר אין הויז וואוינען. אָבער דו צאָהלסט מיר פאַר דירה, בעט, וועש אַלע קוואַרטאַל פיער רובעל. אָרדנע דיך איין.״

זעליג האָט זיך געוואונדערט, אָבער עס האָט איהם געפרייט, אַזאַ גביר צו ווערען. ער האָט איינגעריכטעט זיין הויזווירטשאַפט. יעדען מאָנאַט האָט ער געמוזט אָבגעבען רעכנונג פון זיינע אויסגאַבען. הערר מעהלזאַק האָט איהם בעאָבאַכט שאַרף, און איהם געלאָזען בעאָבאַכטען. זעליג האָט געלעבט, אַזוי ווי הערר מעהלזאַק

האָט עס געהאַט ערוואַרט, אביוניש ווי אַ קאַרגער, און וואו ער האָט געקאָנט העלפען, פערשווענדעריש ווי אַ פירשט. צום סוף פון דעם יאָהר האָט ער געהאַט דאָך נאָך הונדערט און צוואַנציג רובעל איבריג. ער האָט געמוזט זיי אויף צינזען אין אַ באַנק אַריינגעבען, און בעקומען פון העררן מעהלזאַק נאָכאַמאָל פיערהונדערט רובעל.

אַזוי איז עס געגאַנגען ביז צו'ם איין און צוואַנציגסטען יאָהר, דאָס הייסט, ווען ער האָט דורך זיין אונבעשרייבליכען פלייס זיך ערוואָרבען אַ צייגעניס אויף אַריינצוטרעטען אין אַ הויכע שולע. העדר מעהלזאַק האָט איהם געשיקט שטודירען אין אַ אוניווערזי־טעט. ער האָט איהם געגעבען נייע הוספות אין געלד. „דיין גוף זאָלסט דו צו גאָרנישט צוגעוואוינען, מיין זוהן״, האָט ער צו איהם געזאָגט; „אָבער דאָס אַנשטענדיגע ווי דאָס נויטווענדיגע פערמייד נישט פון איהם קיינמאָל. אַ גוטער קינסטלער מוז גוטע ווערקצייג האָבען, אָהן דעם איז ער אַליין גאָר נישט קיין מאַכער. דער גוף איז דאָס ווערקצייג; דער קינסטלער איז דער אונשטערבליכער גייסט. אָט דעם מאַך פאַרטיג! דאָס לעבען איז קורץ; עס איז דער בית המדרש, די לעהר־שולע. בילד אוים דעם גייסט און דאָס געמיט. מיר ווייסען נישט, צו וואָס מיר מוזען עס לערנען. דאָס וועלען מיר אויף יענער וועלט גוט געוואָהר ווערען, וואו דער אויבערשטער שטעלט אונז אַוועק ביי אַ העכערע מלאכה. איך בע־שטים דיר פאַר די דריי יאָהר, וועלכע דו האָסט צו לערנען אין אוניווערזיטעט, אַ רעכטע סומע געלד. דו וועסט זי בעדאַרפען. דו זאָלסט און מוזט אין אַלע בעסטע געזעלשאַפטען געהען, א׳ם די מענשען פון יעדער גאַטונג קענען צו לערנען; אָבער אויך פון די שלעכטע דערווייטער דיך נישט; דו מוזט זיי קענען לערנען; ביסט דו שוואַך און ווערסט שלעכט, געהסט דו צו גרונד. ביסט דו שטאַרק שטעהסט דו וואויהלטהוענדיג העכער פון אַלע. אין דריי יאָהר אַרום טראַכט מכח פרנסה. און זעה דיין ברוידט אַליין צו פערדיענען. דאַמאָלס גיעב איך דיר גאָרנישט מעהר.

---

## דאס לאַך אין ארבעל.

איך בין רייך — ווי מ׳פלעגט אַמאָל אָנרופען רייך — האָט

ער ווייטער געזאָגט אין זיין רעדע: די עשירות פרייט מיך גופא נישט, דען איך בעדאַרף פאַר מיין נפש ווייניג. איך וואָלט גע־קאָנט פון אַקלענערע סומע לעבען, איידער מיינע בעדיענטע. צו וואָס טויג מיר אַלזאָ דאָס געלד! נאָר דאָס איז׳ס, וואָס מיך פרייט, דאָס איך האָב דאָס אַלעס מיט אייגענער מיה און אויף דעם עהרליכסטען שטייגער ערוואָרבען. דאָ איז נישטאָ קיין בלוט, קיין טהרער אין דעם; נאָר זיעת אַפּי, מיין שוויים אַליין. אָט דאָס זענען די העכסטע תענוגים פון דעם גייסט, ווירקונג אין דעם קליינעם און גרויסען, אונשולדיגקייט, ווייטער איז אַלעס מעהר אָדער ווייניגער דומהייט אָדער בהמה׳שאַפט, צום ביישפּיעל: חשק צו כבוד, תאוה צו ווייבער, לוסט צו געלד, בעגעהר צו גע־וועלטיגען און צו הערשען, שטאָלץ, קנאה, שנאָה, רדיפות, הריגות, רציחות, פאַגראָמען צוליעב רעליגיאָנס־אונטערשיעד און דעסגלייכען. נעהם דיר דאָס גוט אין זינען אַריין, זעליג: שטאַרק ווירקען, מיט אונשולד, אין דעם גרויסען ווי אין דעם קליינעם, דאָס איז דאָס ריינע, אמת׳ע גייסטערוועזען. פעראַכט נישט דאָס קליינע, ווי דאָס וואָלט געווען נישט וויכטיג. דער וועלט־חכם, שלמה המלך, האָט אונז געזאָגט: „בז לקטנות יחבל לו״. גאָט האָט גאָרנישט נישט וויכטיגעס בעשאַפען. אַפילו זיין זאַמד־קערנד׳ל און זיין וואָרעם זענען גרויס.

איך האָב דיר גוטע ערציהונג געגעבען. די ביסט געווען אַ ווילדע, אָבער קרעפטיגע פפלאַנצע (Растенie). יעצט ביזט דו צוואַנ־ציג יאָהר אַלט, די צייט, וואו אין דעם מענשען ראַנגלען זיך דער מלאך מיט דער חיה. הלואי זאָל דער מלאך בייקומען. פריהער ווערד דער מענש אַלס פפלאַנצע דערצויגען, דאַן אַלס חיה, צו־לעצט אַלס מלאך. אַסך ברינגען עס נישט ווייטער, ווי נאָר צו דער גוט אויסגעלעהרענטער חיה. אָבער די חיה איז נישט צו פער־אַכטען. פון דעם אונריינעם שטויב בליהט אַרויס די שנייווייסע ליליע. אַקליינינגקייט האָט מיך אויפגעריכט. איך האָב געלערענט ביי העזן און דורך דעם בין איך רייך געוואָרען.

דאָס ווייסט דו נישט וועלען גלויבען, און דאָך איז עס אַזוי. איך בין געווען פיערצען יאָהר אַלט, האָב געקאָנט לעזען, שרייבען און רעכנען. אַזוי ווייט בין איך געווען דרעסירט, געלעהרנט הייסט עס. איך בין געווען אַבעל מלאכה׳ס אַזוהן. מיין פאָטער האָט

שט געוואוסט, וואָס צו מאַכען פון מיר, דען עס האָט געפעהלט דער עיקר, געלד אומעטום, און דאָס איז געווען די סבה, וועלכע איך זעה יעצט גוט איין.

איך האָב געהאַט אַ שפּיעל-חבר און יוגענד-פריינד, מיט'ן נאָמען אַביגדור. מיר ביידע זענען געווען איבעראַל, ווי דער שטיי-גער פון אינגלעך, ווילד, משוגע. אונזערע מלבושים זענען קיינ-מאָל נישט געווען ניי און גאַנץ, נאָר שטענדיג בעפלעקט און צע-ריסען. איז מען געקומען אַ היים און טאַטע-מאַמע האָבען גוט אויס-געמקל'ט די ביינער, האָט מען זיך אָבגעטרייסעלט, און עס איז געבליבען ווייטער ביים אַלטען.

איינמאָל זענען מיר געזעסען אין אַ שפּאַצירגאָרטען אויף אַ באַנק, און האָבען איינער דעם אַנדערן דערצעהלט, וואָס מיר האָבען געוואָלט ווערען. איך האָב געוואָלט באַראָן ג'נצבורג, ער באַראָן ראָטשילד ווערען.

„פון אייך ביידע וועט קיינמאָל גאָר-נישט זיין.” האָט געזאָגט אַ גאַנץ אַלטער מאַן, אין פיינע קליידער און מיט אַ ווייסגעפודער-טען פערוק אויפ'ן קאָפּ, וועלכער איז הינטער אונזער באַנק גע-שטאַנען, און האָט אונזערע אינגעלשע פלענער געהאַט צוגעהערט.

מיר האָבען זיך דערשראָקען, אַביגדור האָט געפרעגט: פאַר וואָס נישט?

דער אַלטער האָט געזאָגט: „איהר זענט אָרענטליכע לייט, קינדער, איך דערקען עס אָן אייערע רעקלעך; אָבער איהר זענט צו בעטלערס געבוירען; וואָלט איהר אַנדערש געקאָנט די לעכער אין אייערע אַרבעל ליידען?” דערביי האָט ער אָנגענומען יעדערן פון אונז אָן די עלענבויגענס און אַרויסגעבויערט מיט די פינגער אין די אַרבעל, וועלכע זענען געווען אויף דעם אָרט דורכגעריסען.— איך האָב מיך געשעמט; אַביגדור אויך. „ווען אַפילו”, האָט גע-זאָגט דער אַלטער הערר, „אין דער היים נייהט קיינער נישט צו, פאַרוואָס לערנט איהר עס נישט זעלבסט? אין אָנפאַנג וואָלט איהר דעם ראָק מיט צווי נאָדעל-שטעכען געהיילט, יעצט איז עס צו שפּעט, און איהר געהט ווי שנאָרערס. ווילט איהר ראָטשילד ווערען, זאָ הייבט אָן ביים קלענסטען. פריהער זעהט דאָס לאָך אין אַרבעל צו היילען, איהר שנאָרערס, שפּעטער טראַכטעט פון עפּעס אַנדערש.

מיר ביידע האָבען זיך געשעמט כּבשת גנב, מיר זענען אַוועק־געגאַנגען שווייגענדיג פון דאַנען, און האָבען דאָס האַרץ נישט גע־האַט, עפּעס אַ בייז וואָרט אויף דעם בייזען אַלטען צו זאָגען. איך אָבער האָב דעם עלענבויגען פון ראָק־אַרבעל אַזוי אַרומגעדרעהט, אַז דאָס לאָך איז אינווענדיג אויסגעקומען, אום קיינער זאָל עס נישט בעמערקען. איך האָב געלערנט פון מיין מוטער נייהען, שפּיעל־ענדיג, דען איך האָב נישט געזאָגט, פאַרוואָס איך וויל עס לער־נען. יעצט וואו עס האָט זיך נאָר געעפענט אין מיינע קליידער אַ נאָט, זיך אָבגעטרענט אָדער אויסגעריבען אַ לאַטקע איז עס געוואָרען באַלד פעריכט. איינס ברענגט דאָס אַנדערע. דאָס האָט מיך גע־בראַכט דערצו, אַז איך האָב ביי צעריסענע קליידער איצט נישט געקאָנט מעהר ליידען אונריינקייטען. איך בין געגאַנגען ריינער, געוואָרען געלאַסענער, אַנשטענדיגער. דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר געפרייט, און איך האָב געטראַכט, דער אַלטער מאַן מיט דער שניי־ווייסער פערוק האָט ניש אַזוי אוגרעכט. מיט צוויי נאָדעל־שטעכען בעצייטענס ראַטעוועט מען אַ ראָק; מיט איין גאַרשין קאַלך אַ הויז; פון רויטע גראָשענס ווערען רובעלס; פון קליינע זריעה־קערנער בוימען, ווער וויים ווי גרזים!

אַביגדור האָט די זאַך אָנגענומען נישט אַזוי שאַרף. עס איז איהם אַרויסגעקומען צוליעב דעם אַ רעה; מיר זענען געווען ביידע פאַרגעשטעלט איינעם אַ סוחר; ער האָט פערלאַנגט אַ לעהר־איינגעל, וואָס זאָל זיין געניט אי'ם שרייבען און רעכנען. דער סוחר האָט אונס געפּרופט. נאָכדעם האָט ער מיר געגעבען דעם פּאָרצוג. מיינע אַלטע מלבושים זענען געווען קלאָר און זויבער. אַביגדור אין וואָכענס־ראָק האָט געלאָזט זעהען, אַז ער איז נאַכלעסיג. דאָס האָט מיר געזאָגט דער הערר פּרינציפּאַל נאַכהער. „איך זעה אָן אויף דיר“, האָט ער געזאָגט, „דו ביזט שפּאַרזאַם; פון דעם אַנדערן וועט נישט זיין קיין סוחר“. דאָ האָב איך געטראַכט ווידער מכּח דעם אַלטען און וועגען דאָס לאָך אין אַרבעל.

איך האָב געפיהלט גוט, אַז איך האָב געהאַט אין אַנדערע זאַכען, אין מיינע קענטענישען, אין מיין דרך־ארץ, אין מיינע תּאוות נאָך אַ וועלכעס לאָך אין אַרבעל. צוויי נאָדעל־שטעך בע־צייטענס מאַכען אַלעס גוט אָהן מיה, אָהן חכמות. מ'זאָל נאָר נישט לאָזען דאָס לאָך גרעסער ווערען; אַנדערש בעדאַרף מען פאַר'ן

ראָק דעם שניידער, פאַר׳ן געזונד דעם דאָקטער, פאַר די מאָראַ=
לישע לעבער די שטראָפענדיגע פאָליציי. עס איז גאָרנישט פאַרהאַן
עפּעס נישט=וויכטיגעס, עפּעס גלייכגילטיגעס, סיי אי׳ם גוטען סיי
אי׳ם שלעכטען. ווער עס גלויבט דאָס, קענט זיך און דאָס לעבען
נישט. מיין פרינציפּאַל האָט געהאַט אויך אַ גבוה׳דיגס לאָך אין
אַרבעל, דאָס הייסט, ער האָט געוואָלט שטענדיג בלייבען גערעכט,
שטענדיג זיך קריגען, שטענדיג יענעם אונטערדריקען, און צו דעם
אַלעם האָט ער געהאַט קאַפּריזען; דאָס האָט מיר געמאַכט אָפּט
פערדרוס. איך האָב סותר געווען, אָבגעשפּאַרט, איינגעוויזען פער=
קעהרט; דאָ איז געוואָרען מחלוקת. גענוג, עס טויג נישט, האָב
איך מיר געטראַכט, עס קאָן אפשר אַ לאָך אין אַרבעל מאַכען,
און מיך נערוועז, קאַפּריזיש, דעספּאָטיש און אונגעדולדיג, ווי דער
אדון פרינציפּאַל. פון דער צייט אָן האָב איך געלאָזען דעם מאַן
רעכט האָבען. איך האָב מיך בעגנוגענד, רעכט צו טהון; און גע=
היט פון מיין זייט דעם שלום.

בעת איך האָב געהאַט אויסגעלערנט, בין איך איבערגעגאַנ=
גען אין אַנ׳אַנדערע שטעלע. זייענדיג געוואויהנט, מיט וועניג
לעבענס=בעדערפנישען פרעהליך צו זיין (דען ווער עס האָט זיי פיעל,
איז קיינמאָל נישט פרעהליך), האָב איך אָבגעשפּאָרט עטוואָס.
זייענדיג געוואויהנט, מיר גופא פאַר קיין שום לאָך אין אַרבעל נישט
מוחל צו זיין, און מיט רחמנות אָבער אַוועקקוקען די אַרבעל=לע=
בער פון פרעמדע, איז געווען די גאַנצע וועלט מיט מיר צופריע=
דען, ווי איך מיט דער גאַנצער וועלט. אַזוי אַרום האָב איך גע=
האַט שטענדיג גוטע פריינד, שטענדיג הילף, צוטרויען, געשעפטען.
גאָט האָט געגעבען ברכה. די ברכה ליעגט אין רעכט טהון און
רעכט דענקען, ווי אין דעם נוסקערן דער פרוכט=טראָגענדער
הויכער בוים.

אַזוי אַרום האָט געוואַקסען מיין פערמעגען. צו וואָס זשע?
האָב איך געפרעגט; דו בעדאַרפסט דאָך נישט דעם צוואַנציגסטען
טהייל דערפון.— פרוישען דערמיט פאַר דער וועלט.— דאָס איז
דומהייט.— זאָל איך אין מיינע אַלטע טעג נאָך אַ לאָך אין אַרבעל
אויפווייזען?— העלף אַנדערע, ווי דיר האָט גאָט דורך אַנדערע
געהאָלפען. דערביי בלייבט עס. די העכסטע גוטס, וואָס די רייכ=
קייט גיעט, איז לסוף דאָס נישט=פערקויפט=זיין צו די קאַפּריזען פון

די לייט, און אַ גרויסען ווירקונגס־קרייז. יעצט, זעליג, געה אין אוניווערזיטעט, לערען עפּעס רעכטס; האָב אין זינען דעם אַלטען מאַן מיט דער שנייווייסער פּערוק; היט דיך פאַר דאָס ערשטע קליינע לאָך אין אַרבעל; מאַך עס נישט, ווי מיין חבר אביגדור. ער איז אַוועק נאך אַמעריקאַ, האָט זיך פערקויפט דאָרט פאַר אַ סאָלדאַט און געלאָזען זיך דערהרגענען.

---

## דער רייזענדער האַנדווערקס־געזעל.

זעליג איז געגאַנגען אַליין נאך מאָסקווע, האָט שטודירט רעכטס־ זויסענשאַפט, און איז געווען זעהר פלייסיג, נישט אָברייסענדיג זיך פון דעסטוועגען פון דעם עפּטערן צוזאַמענקומען מיט זיינע קאָלעגעס און פון אַנדערע הנאות. אָבער ער האָט געקאַרגט; דען ער האָט געהאַט אַ גרויסען פּלאַן. ער האָט געוואָלט אַ רייזע דורך איי־ ראָפּאַ מאַכען. הערר מעהלזאַק האָט איהם אונטערגעגעבען דערצו חשק און מוט, געזאָגט אָבער אויסדריקליך, קיין גראָשען דערויף נישט צו געבען. און וואָס הערר מעהלזאַק האָט געהאַט איינמאָל געזאָגט, דערביי פלעגט ער גערן בלייבען. צו'ם רייזען אָבער בע־ דאַרף מען געלד. זעליג האָט זיך בעשלאָסען קורץ. זאָבאַלד ער האָט זיין שטודיום אין אוניווערזיטעט געענדיגט, איז ער געגאַנגען צו אַ בעריהמטען סטאָליאַר אויף די לעהר, און האָט געלערנט זיין מלאכה: הובלען, שניידען, זעגען, בויהערן, קלייען העלצער,ביי־ גען, פּרינירען א. ז. וו. זיין נעניטשאַפט אין צייכענען, זיין גע־ שמאַק, זיינע כעמישע קענטינישען — אַלעס איז איהם צו נוטץ גע־ קומען. אין איין יאָהר האָט ער געהאַט געניטקייט אין דער מלאכה; ער איז אַרויסגעקומען מייסטער און געזעל גלייך. מיט דרייסיג רובעל האָט ער פערקירצט די לעהרצייט, און געוואָרען אויסגע־ שריעבען פון בוך אַלס געזעל.

הערר מעהלזאַק איז איינמאָל אָבענדס, נאָכ'ן צוריקקומען פון זיין געוועהנליכען שפּאַצירגאַנג, געזעסען אין דער היים ביי אַנ'אָפע־ נעם פענסטער און האָט אַרויסגערויכט פּריש און מונטער זיין לאַנגען ציבוך. דאָ איז געקומען אַ פרעמדער האַנדווערקס־געזעל, דעם ראַנ׳יץ אויפ'ן רוקען, האָט געגריסט, און נישט גערעדט, האַלטענדיג דעם

הוט אין דער האַנד, קיין וואָרט. הערר מעהלזאַק האָט איהם אַריינגעוואָרפען אַ מטבע אין הוט. דער האַדוועקס־געזעל האָט גע־דאַנקט, אַריינגעלעגט די נדבה אין קעשענע, און געבעטען אום ער־לויבונג, מיט הערר מעהלזאַק גופא צו רעדען. ער איז געוואָרען אַריינגעלאָזען.

דער האַנדווערקס־געזעל האָט געבראַכט אַ גערוס פון זעליג'ן. הערר מעהלזאַק האָט זיך געפרייט ווי אַ קינד. זייט דריי יאָהר האָט ער נישט געהאַט קיין שום נאַכריכט פון זיין קעסט־קינד, וואָס איז איהם טהייערער געווען, ווי ער האָט גערעכענט. נאָכדעם ווי ער האָט אָבער געקוקט דעם רייזענדען האַנדווערקער גוט אין געזיכט, איז ער אָבגעשפרונגען אַ צומישטער צוריק. „וואָס? ביסט דו עס נישט אַליין זעליג? שפיעלסט דו אַ קאָמעדיע מיט מיר? — איז דאָס אויך די עובדה פון אַנ'אַדוואָקאַט?"

זעליג האָט געשמייכעלט און געזאָגט: „דער אַדוואָקאַט שטעקט דאָ אין דעם ראַניץ; אויף רייזען איז דער סטאָליאַר־געזעל. דער געפינט מיט זיין האַנד־מלאכה גוט איבעראַל ברוידט, און דאַרף עהרליך לעבען. דאָ איז מיין דיפלאָם פון דער אוניווערזיטעט, דאָ מיין צייגניס פון דעם טישלער־מייסטער. יעצט מאַך איך די רייזע דורך פרעמדע לענדער. איך קום נאָר, אייך נאָך איינמאָל צו זעהען, טהייערער פאָטער, אייך נאָך איינמאָל צו דאַנקען און אייער ברכה מיט זיך אויפ'ן וועג צו נעהמען".

דאָ איז געוואָרען הערר מעהלזאַק טיעף געריהרט; אין זיינע אויגען האָבען זיך געשטעלט טהרערען. ער איז געפאַלען דעם גוטען זעליג'ן אויפ'ן האַלז, האָט איהם געדריקט צו זיין ברוסט און גע־שטאַמעלט: „יאָ, דו ביסט מיין זוהן, איך וועל דיין פאָטער זיין."

הערר מעהלזאַק האָט איהם געהאַלטען פיער וואָכען לאַנג ביי זיך. דאַן האָט ער איהם געלאָזט רייזען מיט זיין ברכה. האָסט דו אויך נאָך געלד? האָט ער איהם געפרעגט ביים אָבזעגנען זיך. זעליג האָט געענטפערט: „נאָך פינף־און־צוואַנציג ריבעל. דאָס איז אַלעס, וואָס איך האָב געקאָנט פעראיבעריגען."

„געלד גענוג פאַר אַ רייזענדען האַנדווערקס־געזעזעל!" האָט געזאָגט הערר מעהלזאַק מיט אַ שמייכעל: נאַ דיר אַ רובעל אויפ'ן וועג, וועסט דו האָבען זעכס־און־צוואַנציג! גאָט זאָל דיך פיהרען בשלום. שרייב מיר אַלע דריי מאָנאַט, ווי דיר געהט, און וואָס

דו לערנסט און זעהסט. היט דיך פאַר אַ לאָך אין אַרבעל, זאָ זועט עס דיר וואויהל געהען.

---

# רייזע דורך אייראָפּא.

מיט זעכס=און=צוואַנציג רובעל האָט זעליג געמאַכט די רייזע דורך אייראָפּא; פריהער דורך דייטשלאַנד איבער די אַלפּען נאָך רוים און נעאַפּאָל. ער האָט געוואָלט זעהען די צופּאַלענע שטיקער פון אַ פיינער פערצייטיגער וועלט. דאַן מיט'ן ים נאָך פראַנקרייך. ער האָט געאַרבייט אין ליאָן (Lyon) און פּאַריז, אום זיך געניטער צו מאַכען אין דער האַנד=מלאכה, איז אַריבער געגאַנגען נאָך לאָנ=דאָן, וואו ער איז כמעט אַ יאָהר געבליבען. האָט זיך דאַן אין איינינע האָלענדישע שטעדט אַרומגעטריבען, איז געגאַנגען נאָך דע=נעמאַרק, און איבער שטאָקהאָלם נאָך פּעטערסבורג. פון דאַנען אַ היים צוריק.

איז ער געקומען אין אַ שטאָדט, וואו עס האָט זיך געפונען זאַכען, וואָס האָט געלוינט, זיי צו זעהען, און כדאי געווען די מיה, צו בלי בען, אַפילו נאָר צוליעב דעת, אום וויעדער רייזעגעלד צו פערדיענען, איז ער געגאַנגען צו אַ מייסטער אַרבייטען. שבת און יום טוב האָט זיך אומגעביטען דער סטאָליאַר אויף אַ „תלמיד חכם״, אויף אַ געלעהרטען. איינינע ביכער פון די בעריהמטעסטע שרייבער האָבען געמוזט איהם אויף זיינע וואַנדערונגען בעגלייטען. האָט ער געהאַט אַ פּאָר גראָשען ערוואָרבען, איז ער געפאָהרען ווייטער. גערן וואָלטען איהם די מייסטערס אָפט לענגער צוגעהאַלטען; דען אַ געשיקטערן, פעהיגערן געזעל האָבען זיי נישט געפונען לייכט, און איבער זיין קענטשאַפט זענען זיי געווען ערשטוינט. פיעל שענע יודישע טעכטער פון די מייסטער'ס וואָלטען דעם וואונדערבאַרען פרעמדלינג גערן געהאַלטען און צו'ם מייסטער געמאַכט. דען זעליג איז געווען אַ פיינער בחור; זיינע שוואַרצע אויגען פול גייסט און פייער; זיין בענעהמען אַריסטאָקראַטיש; זיין געזעלשאַפט נישט ווי ביי געוועהנליכע, און דאָך דערביי געגען זיינסגלייכען לייטזעליג, פריינדליך, צוציעהענדיג, פשוט. יעדער איינציגער האָט דעם משונה'דיגען האָלד געהאַט.

עס האָט איהם אַפילו, איינמאָל אין לאָנדאָן, און איינמאָל אין ליאָן, אַ מיידעל געמאַכט דאָס האַרץ שווער. ער האָט זיך אַרויסגעריסען; צו דער תּאוה האָט ער זיין האַרץ נישט צוגעלאָזען. דאָס האָט ער אָנגערופען שטענדיג אַ פריש לאָך אין אַרבעל. אַ היים אין זיין געבורטסלאַנד האָט ער געוואָלט. אין דער נאָהנטקייט פון זיין צווייטען פאָטער, מעהלזאַק, צובריינגען זיין לעבען אַלס סטאָליאַר אָדער אַדוואָקאַט.

נאָך אַ נייגיעהריגע וואַנדערונג איז ער געשטאַנען ווידער פאַר דעם פאָטער מעהלזאַק'ס הויז. זייט דריי יאָהר האָט ער פון הערן מעהלזאַק נישט געהאַט אַפילו אַ וואָרט געזעהען; ער פער־קעהרט האָט רעגעלמעסיג יעדען קוואַרטאַל געהאַט צו זיין וואָהל־טעטער געשריעבען; איהם אויך מודיע געווען וועגען זיין קירצלי־כען צוריקקומען. יעצט איז געווען די פראַגע, צי דער בראַווער מאַן לעבט נאָך.

זעליג איז געוואָרען זעהר בלאַס, ווען איהם האָבען ביי זיין אָנקומען פרעמדע מענשען בעגריסט און אָנגעזאָגט די בשורה, אַז הערר מעהלזאַק זאָל האָבען זיין הויז פערקויפט און די שטאָדט פערלאָזען שוין זייט ווען. ער איז געגאַנגען טרויעריג פון איין גאַס צו דער אַנדערער; היתכן, וואָלט דער פאָטער נישט געהאַט די ליעבע און מיר וועניגסטענס אָט די פערענדערונג געמאָלדען? נו אַוועק, און מען וויים נישט צומאָל וואוהין?"

ער איז אַוועק געגאַנגען, מיט'ן ראַניץ אויפ'ן רוקען, צו אַ סטאָליאַר איבערגעכטיגען; צו מאָרגענס אין שבת'דיגען ראָק צום באַנקיר זילבערשטיין, צו ה' מעהלזאַק'ס אַמאָליגען בעסטען פריינד, אום צו ערקונדיגען זיך וועגען זיין וואָהלטעטער.

דער אַלטער באַנקיר האָט איהם דערקענט זאָגלייך, און האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס פרייד. „איך דאַנק גאָט, הערר אַד־וואָקאַט," האָט ער געזאָגט, „דאָס איך זעה אייך נאָך! אונזער אַלטער פריינד איז אַוועק נאָך אָסטאינדיען, ווי איהר ווייסט. ער האָט ביי מיר איבערגעלאָזען פאַר אייך פינפהונדערט רובעל, וועלכע ער האָט אייך געוואָלט געבען צו דער איינריכטונג, ווען איהר וועט צוריק אַ היים קומען און זיך וועלען וואו עס איז מיט אייער פאַך בעזעצען."

„נאָך אָסטאינדיען איז ער אַוועק?" האָט גערופען זעליג, און

טרהערען זענען איהם געלאָפען איבער די באַקען.

„ווייסט איהר דאָס נישט?" — ער האָט געהאַט דאָ אין דער שטאָדט כּל ערליי פערדרוס. דער מאָנאַרך האָט איהם געוואָלט מכבד זיין מיט אַ אָרדער פאַר זיינע אונגעהייער גרויסע נדבות בעת דער לעצטער מלחמה. און ער, ווי זיין שטייגער, האָט אָבגעשיקט דעם אָרדער צוריק, אין דער מיינונג, אַז די וואָהלטהאַט האָט איהר אייגענעם עהרענ-צייכען און זי בעדאַרף קיין אַנדערן נישט האָבען. דאָס האָט געגעבען דעם ערשטען שטאָף צו פאַלשע אויסלייגאַכצען וועגען זיין כּונה דערמיט. שפּעטער איז פאָרגעקומען פאָלגענדע מעשה: דער פערשווענדערישער גראַף זאַלצוואַסער, צוריקקומענדיג מיט לעדיגע טאַשען פון „מאָנטע קאַרלאָ", האָט פון איהם פערלאַנגט, ער זאָל איהם לייהען אויף אַ וועכסעל אַ גרויסע סומע געלד, און ער, מעהלזאַק, האָט דעם דאָזיגען גאַנץ אָפען, אָהן אַ שום תּירוץ, אָבגעזאָגט. דערפון איז אַרויסגעוואַקסען אַ סבה צו זלזולים, צו העצערייען, און ענדליך צו אַ זאָרט רדיפות. מ'האָט נעשילדערט דעם גוטען מעהלזאַק אויפ'ן שענדליכסטען אופן; אַריינגעשיקט דער פאָליציי אַ מסירה, אַז ער האָט בעציהונג מיט רעוואָלוציאָנס-לייט; אַז ער שטיצט מיט גרויסע סומעס דעם פראָסטען עולם, כּדי צו פערשאַפען זיך אונטער זיי צוטרוי; מ'האָט געמאַכט ביי איהם אַ רעוויזיע און נאַטירליך קיין פערדעכטיגע זאַך נישט געפונען. דאַן איז געקומען נאָך אַנדערע בלבולים און אינטריגעס דערצו. גענוג, דעם גוטען מאַן איז געוואָרען דאָס לעבען ביטער און זויער געמאַכט. איצט ווייסען זיי, ווי ער איז געווען — גאָר צו גוט, גאָר צו לייכטגלויביג. עס איז איהם גרויסע קאַפּיטאַלען פערלאָרען געגאַנגען. עס האָט איהם וועה געטהאָן, צו מוזען זיין אָפענע האַנד צומאַכען. ער האָט אָנגעהויבען אויפ'ס נייע סוחרישע שפּעקולאַציעס. די האָבען זיין צושטאַנד פּלוצלונג פערענדערט און אין אַ קורצע צייט איהם אומגעשיט. דאָ איז ער איינמאָל צו מיר געקומען, האָט געזאָגט, ער זאָל האָבען אין אָסטאינדיען נאָך אַ רעכטען קאַפּיטאַל; ער וויל אַהין רייזען, אום עס אַליין אָבצונעהמען און אַהער ברענגען. מיינע עצות האָבען גאָרנישט געהאָלפען. ער האָט פערקויפט און צושענקט, וואָס ער האָט געהאַט; געגעבען מיר פאַר אייך די סומע צו בעהאַלטען און איז אַוועק. עס זענען איצט באַלד דריי יאָהר, ווי דאָס איז געשעהן.

זעליג איז געשטאַנען צומישט. זאָלט ער נאָר האָבען געוואוסט, וואו מען קאָן איהם געפינען אין אָסטאינדיען, וואָלט ער איהם באַלד נאָכגעריזט.

הערר זילבערשטיין האָט איצט נישט צוגעלאָזען צו עפעס אַנ־דערש: זעליג האָט געמוזט ביי איהם אין הויז וואוינען ביז ער וועט האָבען זיין לעבענס־פּלאַן געמאַכט. זעליג האָט געהאַט כמעט אין זינען, אַ סטאָליאַר־ווערקשטאַט צו אויפעפענען. דער באַנקיר זילבערשטיין האָט איהם דערפון אָבגעהאַלטען, און צוגערעדט, ער זאָל אַ געהילף־אַדוואָקאַט ווערען; דערביי וואָלט ער געקאָנט פאַר דער וועלט ניצליכער זיין.

---

## דער געריכטס־פערוואַלטער.

אין עטליכע וואָכען אַרום איז אַריינגעקומען הערר זילבער־שטיין צו זעליג'ן אין צימער מיט אַ פרעהליכען פנים, האַלטענדיג אין האַנד אַ אַנאָנסען־בלאַט. „פריינדעלע!” האָט ער גערופען: איהר מוזט מיט מיר צום גראַף אפענבערג געהען. ער זוכט אַ יוריסט צו זיינע גיטער. צו איהם געהערט אַ גאַנץ דאָרף. ער בעדאַרף אַ זאָרט מענש ווי איהר. ער מאַכט מיט מיר געשעפטען און מיר קענען זיך ביידע פון לאַנג זעהר גוט. קוקט, דא שרייבט ער אוים די שטעלע. זיעבענ־הונדערט רובעל געהאַלט, פריי וואָהנונג, ליכט, האָלץ און מן הסתם גרויסע זייטיגע פערדיענסטען. וואָס ווילט איהר מעהר? האָט איהר חשק?”

זעליג האָט געהויבען די פּלייצעס.

„נישט געטראַכט! גאָרנישט! פאָלגט מיר „הערר אַדוואָקאַט!” האָט דער באַנקיר זילבערשטיין ווייטער געזאָגט: ערלויבט מיר צו ווערען ביי אייך שטעלפערטרעטער פון אייער פאָטער מעהלזאַק. דאָס איז אַנ'אָרט פאַר אייך ווי געוואונשען!”

זעליג האָט זיך געזעצט מיט איהם אין קאָטש. זיי זענען גע־קומען צו דעם גראַף אפענבערג אין זיין פאַלאַץ.

דער דאָזיגער, אַנ'אַלטליכער הערר, זעהר פשוט, פריינדליך און גוטהערציג, האָט געזאָגט צו זעליגען: „איך האָב אַפילו נישט די עהרע, אייך צו קענען, דאָך גענוג, מיין גוטער פריינד זילבער־

שטיין רעקאָמאַנדירט אייך. איהר, נישט קיין אַנדערער, בעקומט די
שטעלע. אָבער איך מוז אייך מכּח דעם נאָך דאָס און דאָס זאָגען.
איך פאָהר צוליעב געוויסע אינטערעסען פון מיין הויף קיין פּאַריז,
בלייב דאָרט מן הסתּם אַ פּאָר יאָהר. איך גיעב אייך איבער מיינע
גיטער, די ירושה=הערשאַפט אין קאַלוק. איהר זאָלט נישט בלויז
די שטעלע פון דעם עקאָנאָם דאָרט פערטרעטען, ניין, מיינע איי=
גענע פערזאָן. אונטער אייער מאַכט שטעהט דער פערוואַלטער.
איהר זאָלט די אָבגעלאָזענע גיטער צוריק אין אָרדנונג ברענגען,
לאָזען אַלע גרונדשטיקער אויסמעסטען און בעגרעניצען, און וואָס
מיר ליעגט מעהר פון אַלץ אויפ׳ן האַרצען איז צו מאַכען מיינע
פויער׳ן מענשליכער. דען די קאַלוקער זענען אמת׳ע בהמות, עלענד,
גראָב, אָרעם, פראָסט. איך האַלט די הערשאַפט ערשט זייט אַ
יאָהר אין מיין האַנד, האָב אָבער געקאָנט וועניג מיך דערום בע=
קימערן. אַלסדינג איז דאָ חרוב. איך גיעב אייך די ברירה, אָנצונעה=
מען און אָבזושאַפען וועמען איהר ווילט. קורץ, דאָס רעכט, וואָס
איך האָב, זאָלט איהר האָבען. די געלדער און חשבונות שיקט צו
אַלע יאָהר צו מיין גוט פערטרויטען, ה׳ זילבערשטיין, מיר אָבצוגעבען.
זעליג האָט געוואָלט זיך אַרויסמאַכען, געבעטען הונדערט מאָל
אום ענטשולדיגונג, טענה׳נדיג, ער פערשטעהט פון דער לאַנד=
ווירטשאַפט צו וועניג און דעסגלייכען. דאָס קליין=מאַכען=זיך האָט
נישט געהאָלפען. דיביידע אַלטע אַדונים זענען אָנגעשטאַנען מיט
גוטען אויף איהם. גראַף אַפּענבערג, אָננעהמענדיג די מיינונג, אַז
זעליג לאָזט זיך צוליעב דעם בעטען, ווייל ביי איהם קומט אויס
די בעלוינונג פאַר אַזאַ ברייטען עסק צו וועניג, האָט ער גע=
העכערט דעם געהאַלט, געבאָטען איהם אַלץ מעהר, פערטאָפּעלט
צולעצט כּמעט די סומע פון זיעבענ=הונדערט רובעל.— זעליג איז
געוואָרען צוטומעלט און פרעהליך צוזאַמען. „אָבער”, האָט ער גע=
זאָגט, „ווי קום איך צו אָט דעם צו גרויסען פערטרויען?” גראַף
אַפּענבערג האָט געוויזען אויף העררן זילבערשטיין. „דאָס האַרץ
פון אָט דעם מאַן”, האָט ער געזאָגט, „און מיין האַרץ זענען איינס”.
די זאַך איז געוואָרען אָבגעמאַכט שריפטליך, ווי עס געהערט
צו זיין. אַחרי כּכלות הכּל אָבער איז גראַף אַפּענבערג אַרויסגע=
טרעטען מיט נאָך אַ פּונקט, וואָס איז געווען ביי איהם זעהר וויכ=
טיג.— „אַלע”, האָט ער געזאַגט, „זענען אייערע בעפעהלען אונ=

טערוואָרפען, נאָר איין יודישע פערזאָן נישט, וועלכע איז מיר טהייער, האָטש זי קען מיך קוים. איך בין איהר געשטאָרבענעם מאַן, וואָס איז געווען ביי מיר אַנ׳אַרענדאַטאָר, פיעל התחיבות שולדיג. זי איז אַ בראַווע פרוי, איהר פאַמיליענ־נאָמען איז האָבער־פעלד. זי לעבט פון צינזען אין קאַלוק, און איך האָב איהר אויף אייביג דירה און האָלץ און בעדיענונג געגעבען אין מיין אייגענעם הויז אין קאַלוק. איהר וועט אַלזאָ מיט איהר אונטער איין דאַך וואוינען. עס איז אַ פרוי מיט אַלע מעלות, מען מעג זאָגען, די איינציגע „אשת חיל" אין דער וועלט. איך האָף און גלויב, איהר וועט מיט איהר גוט אויסקומען.

ביי זעליג׳ן איז געבליבען קעגען אַט דעם צוגעגעבענעם פונקט לחלוטין גאָר נישט צו מאַכען קיין טענה. און איז געווען גאַנץ צו־פריעדען, באַלד צו געפינען אַ פרוי, וואָס וועט איהם דורך עצות פערלייכטערן די קליינע דאגות פון דער ווירטשאַפט.

נאָך אין דער אייגענער וואָך איז געפאָהרען גראַף אַפּענבערג מיט זעליג׳ן קיין קאַלוק. האָט איהם אַריינגעפיהרט אין זיין אַמט, האָט זיך אָבער נישט לענגער אויפגעהאַלטען, ווי איין טאָג, און איהם איבערגעלאָזען אין הויף ביי דער פרוי האָבערפעלד.

---

# די געזעלשאַפט.

דאָס שררה־הויז אָדער פאַלאַץ, ווי מ׳האָט עס גערופען, איז געשטאַנען אין מיטען פון גערטנער, אויף אַ הויכען אָרט איבער׳ן דאָרף, שטעלער, שייערן מיט אַ גרויסען פיער־קאַנטיגען פלאַץ דער־נעבען. אומעטום פיעל אָרדנונג; אי׳ם שררה־הויז פיעל ריינקייט און ליכטיגקייט. די שענסטע צימערן, איינפאַך און בטעמ׳ט, זע־נען געווען זעליג׳ן אָבגעגעבען. עס האָט אין ערגעץ נישט גע־פעהלט. אַפילו אַ קליינע ביבליאָטהעק, אַפילו אַ פאָרטאָפּיאַן איז גע־ווען צו זעהען. אין ערגעץ נישט אַ שטויבעלע; די פאָדלאָגע ווי ביי. די פרוי האָבערפעלד האָט געהאַט אַלעס אויפ׳ן שענסטען אופן איינגעאָרדענט.

די האָבערפעלד, אַ לעבהאַפטיגע און דאָך ערנסטע פרוי פון אַ יאָהר עטליכע און פיערציג, האָט אַרויסגעוויזען בילדונג און דרך

ארץ. די בלאַסקייט פון איהר געזיכט, איהר שטילער, הויכער בליק, וואָס האָט זיך נאָר ערשט אי׳ם שמועס דערהייטערט, האָבען גע־זאָגט, אַז זי האָט געמוזט פיעל צרות איבערטראָגען אין איהר לע־בען. פאַר איהר איז קיינער נישט פאָרגעקומען אַלס פרעמדער. זעליג איז געווען דעם ערשטען טאָג מיט איהר, אַזוי ווי ער וואָלט זי פון יאָהרען געקענט. זי האָט איהם מיט אַלע און מיט אַלץ בעקאַנט געמאַכט — געגנוג, אין אַלץ האָט זי איהם מְחַנֵךְ געווען, וואָס אין איהר ווירקונגסקרייז איז געלעגען.

„מיט דער פרוי לאָזט זיך לעבען!" האָט געטראַכט אין עט־ליכע וואָכען אַרום זעליג, וועלכער האָט זיך, בשעת אַפּענבערג האָט אַזוי שטאַרק גערעדט פון דעם צוגעגעבענעם פונקט, דאָך גע־האַט אָנגעהויבען אַ ביסעל מורא צו קריגען.

„מיט דער פרוי לאָזט זיך בנאמנות לעבען!" האָט ער זיך געטראַכט אין עטליכע וואָכען אַרום, נאָכדעם ווי ער איז איצט שוין אין קאַלוק געווען היימיש געוואָרען. דען ער האָט געפיהלט אמת׳ע האָכאַכטונג פאַר איהר, זי איז איהם אַ בעדערפעניש גע־וואָרען. ער האָט זיך געפרייט, ווען ער איז געקומען פון זיינע גע־שעפטען אין דער פריה אָדער פאַר נאַכט צום טיש — דען אין אַנ׳אַנדער צייט האָבען זיי זיך איינסאַנדער געזעהען זעלטען. דאָ איז זי און דער פערוואַלטער, אַ גוטהערציגער, אָבער עפעס אַ צו דרך־ארץ׳דיגער מענש, דערביי אַ טיכטיגער עקאָנאָם, געווען זיין געזעל־שאַפט. דאַן האָבען זיי דערצעהלט יעדער זיין בעסטע זאַך, דער פערוואַלטער פון דער ווירטשאַפט, זעליג אָפטמאָל פון זיינע נסיעות. חֵן און חשיבות האָט פערשפּרייט איבער אַלץ דער שכל פון דער פרוי האָבערפעלד.

זעליג איז געווען מיט זיין לאַגע אַזוי שטאַרק צופריעדען, אַז ער האָט דעם באַנקיר זילבערשטיין געשריבען אַ בריעף פול מיט דאַנק. „איך פערלאַנג", האָט ער געשריבען, „אין מיין לעבען נישט קיין בעסערן גורל. איך בין גליקליך, ווייל איהר האָט מיך גע־בראַכט צו דעם מעמד, פיעל טובות צו טהון. און עס זאָל געשעהען, זאָבאַלד איך וועל האָבען מיך געמאַכט פערטרויטער מיט מיין וויר־קונגס־קרייז. די מענשען זענען פערווילדעט ווי זייערע פעלדער. ווי פיעל גרונדשטיקער בלייבען צו בעאַקערן און פערוייהען! איך האָף גראַף אַפּענבערג וועט פון מיר צופריעדען זיין."

אָבער דאָס בלעטעלע האָט זיך איבערגעמישט געשווינד, און די שמחה איז געבליבען נישט לאַנג אין זעליג׳ס האַרץ. צוואַר האָט איהם די פרוי האָבערפעלד געהאַט דערצעהלט, אַז זי זאָל האָבען אַ טאָכטער, וואָס דאַרף היינט מאָרגען אַ היים קומען פון אַ קרובה אין דער נאָהנטער שטאָדט. צוואַר האָט געטראַכט זעליג, ווען די טאָכטער איז אין דער מוטער געראָטען, וועט זי מיין הימעל אין קאַלוק נישט פערדאַרבען. דאָך ווי געזאָגט, דאָס בלעטעלע האָט זיך איבערגעמישט.

ער איז איינמאָל אין אָבענד צוריקגעגאַנגען אַ היים פון וואַלד, וואו ער האָט געהאַט פעלדמעסטערס. אַ קאָטש האָט איהם בעגעגנט אונטערוועגנס, אין וועלכער עס זענען געזעסען צוויי פרויענצימערס. עס האָט איהם אויסגעשיינט, זיי זענען געקומען פונ׳ם שררה=הויז, אום אין שטאָדט צוריק צו פאָהרען. ווען ער איז אין עסצימער אַריינגעקומען, האָט זיך געפונען דאָ, צוזאַמען מיט דער פרוי האָבערפעלד און דעם פערוואַלטער, אַ יונגעס פרויענצימער, אפשר פון אַ יאָהר 18, מיט ברוינע לאָקען, פיינע געזיכטסציגען, און איין בליק — זעליג האָט זיך אַ נייג געטהאָן, ווי איינער וואָס בעווייזט זיין אַכטונג. די שענע פרעמדע, עטוואָס רויט ווערענדיג, האָט געטהאָן אַ געגענ=נייג. פרוי האָבערפעלד האָט געזאָגט: עס איז מיין טאָכטער סולאַמיטע.

זעליג האָט פערגעסען פעלדפערמעסערס און וועלדער, איבער וועלכע ער האָט געהאַט אַ סך אָנצומערקען דעם פערוואַלטער; זאָגאַר דער נייער הויז=חבר׳טע עפעס אַ דְבר נֹעם, אַ געשמאַק וואָרט צו זאָגען, האָט ער פערגעסען, וועהרענד זי איהם האָט אַ זאָג געטהאָן שטיל אַ פריינדליך וואָרט מיט אַלע נקבה׳שע געשיקטקייט און חֵנ׳קייט. — ביים טיש, וואו ער פלעגט שטענדיג גערן זיין רעדעוודיג, פריי און קאַטאָוועס=ליעבענדיג, איז ער דאָסמאָל געבליבען פערשלאָסען, שטיל, טרוקען. עס האָט עפעס אויסגעזעהען, ווי עס זאָלט געוועזען אין דער מיידעל אַ רוח רעה, אַ בייזער גייסט פאַר איהם; ווי ער זאָלט געוועזען אַיינגעפּחדיגט, ווען מ׳קאָן אַזוי זאָגען.

ער האָט זיך געוואונדערט אַליין, אַז אָט די פרעמדע סולאַמיטע זאָל אויף איהם אַזאַ געוואַלטיגע יראַת הכבוד (Uszanowanie) אַרויפלעגען. ער האָט געוואָלט לאָזען זיך מוט פאַסען, און מיט

איהר קומען אין שמועס, ווי מיט די אַנדערע. אָבער ווען איהם האָט דאָס מיידעל אָנגעקוקט מיט די דונקעלע אויגען, ווען זי האָט איהם געענטפערט מיט דער שטימע, וואָס האָט געמאַכט זיין נשמה ציטערן — איז איהם געוואָרען, ווי ער זאָלט זיין געווען פערראַטען און פערקויפט.

מען איז געבליבען ביי אַ גענוג לאַנגווייליגען שמועס ביז שפעט אין אָבענד ביינאַמען. בשעת זעליג איז אין זיין צימער איינער אַליין געווען, איז איהם אַרומגעקראָכען די געשטאַלט פון דער נייער הויז־חבר׳טע אויף אַלע ווענד. ער האָט געשאָקעלט דעם קאָפּ און זיך געטראַכט: מיט דער מיידעל לאָזט זיך נישט לעבען! פאַרוואָס איז דאָס אין דעם צוגעגעבענעם פונקט נישט געוואָרען דערמאָהנט? — און ווען ער האָט זיך אין בעט אַריינגעוואָרפען, די אויגען פעסט צוגעדריקט, האָט זיך אַרומגדרעהט די רייצענדע מראה נאָך העלער פאַר איהם אַהער און אַהין.

צו מאָרגענס וויעדער האָט ער געטראַכט פון סולאַמיטען גיכער, איידער פון די פעלדפערמעסערס. ער האָט עס געמוזט אויך טאַקי, דען ער האָט געהערט אַנ׳האַרפע, און סולאַמיטעס קול זינגענדיג דערצו. דאָס האַרץ האָט איהם אָנגעהויבען צו קלאַפּען. ער האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. און געטראַכט: מיט דער מיידעל לאָזט זיך בנאמנות נישט לעבען! און איז אַוועקגעגאַנגען אין פעלד, אָהן פריהשטיק.

---

## דער אנטיסעמיטישער גלח און די געמיינדע.

מען געוואויהנט זיך גוט צו סוף כל סוף צו דער העסליכסטע, טאָ פאַרוואָס נישט אויך צו דער שענסטע? — זעליג האָט נישט געקאָנט זיך אָבער אַפילו נאָך וואָכען צוגעוואויהנען צו סולאַמיטען, דען, אַ וואונדערבאַרע זאַך, זי איז נישט געווען קיינמאָל היינט, ווי נעכטען, נאָר האָט אויסגעשיינט יעדען טאָג ניי צו ווערען. מיט אַלע אין הויז איז ער געווען פריינדליך, פערטרויליך; אַלע זענען עס געווען מיט איהם. אָבער מיט סולאַמיטען האָט ער עס נישט געקאָנט זיין. נישט קוקענדיג אויף איהר לעבהאַפטיגקייט, אויף איהר הייטערע מוטוויליגקייט (Swawola), דען ערנסט איז זי געווען

זעלטען, איז זי איהם דאָך געשטאַנען שטענדיג פרעמד, כמעט ווי אין דעם ערשטען אָבענד. ער האָט זיך אונטערהאַלטען גערן מיט איהר; זי איז געווען זעהר קלוג, וויציג, און דאָך נאַטירליך, אָהן מאַכען פון זיך עפּעס אַ וועזען, אָהן אָנשטעלען. אָבער ווער עס האָט מיט איהר גערעדט, איז עס איהם פאָרגעקומען, אַלס ווי ער וואָלט גערעדט מיט אַ וועזען פון אַנדערע וועלטען. זי האָט געהאַט מיט יעדען צו טהון, האָט יעדען בעהאַנדעלט אויף איין אופן פריינדליך. פון יעדען איז געוואָרען די פרישע רויז געליעבט — אָבער מיט איהם האָט זי געהאַט שטענדיג אַם קנאַפּסטען צו טהון, און דאָך האָט זי איהם אַזוי וועניג אויסגעמיטען, ווי וועניג זי האָט געוויזען דעם רצון איהם נאָהנט צו זיין.

„דאָס מאַכט דאָ אַ לאַנגוויילינג לעבען!" האָט געטראַכט זעליג: הלואַי וואָלט קאַלוק געווען געלעגען אויף יענער זייט קאַמציאַטקע, און איך וואָלט נישט געווען קיינמאָל אַ הער געקומען." אָבער הלואי וואָלט סולאַמיטע נישט געווען נאָך קאַלוק געקומען, דאָס האָט ער נישט געוואונשען, און ער וואָלט קיין מיליאָן דערפאַר נישט גענומען, אַז זי זאָל צוריק אַוועק.

ווי זעהר ער האָט פאַר דער לאַנגוויילינג געציטערט, האָט ער זי דאָך נישט געהאַט קיינמאָל. די גיטער זענען געוואָרען מיט אַלע וועלדער פערמאָסטען; די היגע לאַנדווירטשאַפט מיט אַלע איהרע חסרונות בעטראַכט; אַ ניי שולהויז געבויט און אַ לעהרער אַרויסגערופען. גערן וואָלט זעליג געהאַט אויך דעם גלח אויסגעביטען, אָבער דאָס איז נישט געגאַנגען, זאָן דאָך האָט ער געהאַט אויף דעם דאָזיגען לכתחילה אַ סך גערעכענט, אַז ער וועט די שלעכטע מדות פון די פויערן פערבעסערן. אָבער דער דאָזיגער גאָטסמאַן האָט געפיהרט זיין רבנות רעכט און שלעכט. ער האָט זיך מצער געווען וועגען די נשמות פון די פויערן וועניגער, איידער וועגען זייער שפעק, וואורשט, אייער, גרויסע און קליינע מַעַשְׂרוֹת. ווען זעליג האָט מיט איהם גערעדט וועגען פערבעסערן דעם חנוך, די ערציהונג פון דער יוגענד, מכּח די רויהקייט פון די לייט און זייערע עם הארצות, מכּח איינפלאַנצען אין זיי מענשענליעבע אָהן אונטערשיעד פון גלויבען, האָט ער שמייכלענדיג מסכים געווען, אונטערשטיצט די מיינונג פון זעליגען מיט פיעל ביישפּיעלען פון דער פּראַקטיק. דעם אַנדערן זונטאָג אָבער האָט ער גערעדט דאַן שרעק=

ליך אויף די אידען. געדונערט קעגען די חברה־לייט, וואָס ווילען די אמונה אונטערברעכנען מיט וועלט־פערבעסערונגען. ער האָט פיינד געהאַט די אפיקורסישע ציוויליזאַציע, וועלכע האָט ענד־ליך אַ סך פון דעם כריסליכען פאָלק פערבריעדערט מיט אונגלויביגע, ער האָט געוואָלט גערן אָהן רמאות, אָהן כיטריקייט זיין, ווי די טויבען, איז געווען אָבער דאָך אויך אַ ביסעל קלוג, ווי די שלאַנגען.

די קאַלוקער פויערן האָבען געהאַט פיעל עהנליכעס מיט זייער גלח. זייער אמונה איז בעשטאַנען מעהר אין מורא פאַר'ן טייוועל, ווי אין ליעבע צו גאָט און צו לייטען; דען זיי זענען פון שטענדיג אָן געוואויהנט געווען נאָר צו אַדונים קשים, צו שטרענגע הערען, און האָט זיך בעוויזען איינער צו גיטיג, האָבען זיי איהם אויסגע־לאַכט. אין הויז־און פעלדווירטשאַפט האָבען זיי עס געפיהרט ווי די פאַרצייטיגע. אָרעמקייט האָט געהערשט ביי אַלע. אין זייערע אומריינע הייזער האָבען זיי געלעבט נעבען מאָגערע קיה און אָב־געריסענע, אָבגעשליסענע קינדער, פון קאַרטאָפעל, ברוידט און ברונענוואַסער. קעגען פרעמדע שלעכט און בעטריגעריש, קעגען דעם גלח צבועיש, קעגען די איינוואָהנער פון שררה־הויז, נכנע, ביי די פים ליעגענדיג, צווישען זיך שנאָה'דיג, קנאָה'דיג, רכילות'־דיג, שטאָלץ און גראָב — דאָס איז געווען זייער חכמה, זייער לעבענס־קלוגשאַפט.

---

## דאָס לאָך אין אַרבעל.

זעליג האָט געוואוסט אָבער באַלד זיך אַנ'עצה צו געבען מיט די דאָזיגע ליעבע לייט. נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט געלאָזען פון זיי, איינעם נאָכ'ן אַנדערן איין טוץ צוליעב אַ חטא אריינזעצען, אַ צווייטע טוץ בעצאָהלען קָנַס אויף אַ דָבָר מִצְוָה, האָבען זיי איהם געהאַלטען פאַר אַ זעהר קלוגען מאַן.

יעצט. אַז מ'האָט ענדליך געהאַט צו זיין פערשטאַנד צוטרוי איז עס איהם געוואָרען לייכט, זיין פלאַן אויסצופיהרען. ער האָט געוואָלט די לייט ברענגען צו דער אָרדנונג און צום גוטען מצב — דען אַלע זענען אַרומגעגאַנגען אין קליידער, וועלכע דאָס רוב זענען געווען צעריסען, ווי ביי בעטלערס. דאָ האָט ער אַרויפ־

געבראַכט אויפ׳ן געדאַנק די ערציהונג, וואָס איהם גופא האָט גע=
געבען זיין בכבוד׳יגער צווייטער פאָטער מעהלזאַק; און זיין דערצעה=
לונג פון דעם אַלטען מאַן מיט׳ן ווייסגעפודערטען פערוק און פון
לאָך אין אַרבעל.

אויסער איין נייהטערין אין דעם דאָרף האָט קיין פויער׳ס
ווייב נישט געקאָנט האַלטען די נאָדעל אין האַנד אויף אַ געניטען
שטייגער. וואָס די מוטערס האָבען נישט פערשטאַנען, איז געווען
נאָך וועניגער אַ קונץ פון די טעכטער. האָט דאָס נייע קלייד גע=
האַט דאָס ערשטע קליינע לאָך אין אַרבעל, איז עס געוואָרען אָהן
מיה גרעסער, ווייל מ׳האָט די הילף צו שפעט געבראַכט. אַזוי
אַרום איז געוואָרען דער קיטעל פאַר דער צייט אַלט. דאָס נישט
געהיילטע לאָך אין אַרבעל איז געווען אַ סבה צו דער אונריינ=
קייט אין הייזליכען לעבען; פון דער אונריינקייט איז אַרויסגעקו=
מען כדרך הטבע, קראַנקהייטען אַלערליי. — אין לומפיגע קליי=
דער פועלט מען ביי זיך לייכטער, צו טהון דברים מגונים, אונ=
אַנשטענדיגקייטען פון יעדער אַרט. מען איז זיך מְכַפֵּר לייכטער
געמיינעם בענעהמען, גראָבע עבירות, חוצפה, קללות, זידלעריי,
קריגעריי. דאָס לאָך אין אַרבעל איז אין טויזענד גראָבקייטען, אין
טויזענד עקעלהאַפטע דבורים און מיאוסע מעשים שולדיג, און
פיהרט צו זינד, צו וועלכע עס העלפט נישט קיין שרייען, קיין
מוסר און תּוֹכָחָה. ווי די נקבות, אין העכערן שטאַנד, פיינערן
אויס די גראָבע זיטען און מחשבות פון די מענער, אַזוי מוז אויך
אין דערפער די פעראיידעלונג אַרויסשטאַמען פון ווייבער. אַנדערש
קומט עס פון ערגעץ נישט.

דאָס האָט געוואוסט זעליג. זיין ערשטע זאַך איז געוועזען, צו
גרינדען אַן׳אַרבייטס=שולע פאַר די דערוואַכסענע מיידלעך. אָבער
צוליעב ברוידט=קנאָה, דאָס הייסט, מורא האָבענדיג פאַר צונעהמען
די פרנסה, האָט נישט געוואָלט די נייהטערין, איהר מלאכה אַנ=
דערע אויסלעהרנען. דעם גלח׳ס ווייב האָט גע׳טענה׳עט, מחמת מאַנ=
געל אין צייט, קאָן זי זיך נישט אָבגעבען מיט לעהרנען די טעכ=
טער, חאָטש דער הערר גלח האָט די אידעע פון זעליג׳ן זעהר גע=
לויבט. דעם נאָהנסטען זונטאָג האָבען די פויערן ווידער געהערט
אַ פיינע דרשה קעגען הוצאות אויף קליידונג, וואָס מענשען מאַכען,
און פיהרען די יוגענד מיט׳ן גיפט פון פוצעריי צו אַלעם בייזען.

# די ארבייטס־שולע.

זעליג האָט, זיצענדיג מיט זיינע פערטרויטע לייט ביים טיש, געבראַכט צו אַ שמועס וועגען זיין הערצענס־ענין. סולאַמיטע, ווי שטענדיג, ווען ער האָט גערעדט, האָט צוגעלעגט אַם בעסטען דעם אויהער, און געגעבען די שטאַרקסטע הסכמה. זי האָט געבעטען אום ערלויבעניש, צו מעגען זעלבסט זיין לעהרערין. פרוי האָבערפעלד האָט דאַרוף געהאָפט.

„מיט'ן נייהען", האָט די פרוי האָבערפעלד געזאָגט, איז'ס נישט אָבער גענוג געטהאָן. אונזערע פויערקעס וויסען נישט צו פלאַנצען אין זייערע גערטנער, און נישט צו קאָכען אין זייערע קיכען. לאָמיר אָבשאַפען אונזערע קעכינס, לאָמיר אַוועקשטעלען אונזערע פויערמיידלעך אַמאָל די אַמאָל יענע אין געזינדעל־קיך. איך וויל דאָ און אין גאָרטען זייער לעהרערין ווערען. די מלאָכה איז איינפאַך. קליינע נאַגראַדעס, אַ שטרויה־הוט, אַ נייע שליאַפע, אַ שען טיכעל וועט דערוועקען קנאָה און אַרויסברענגען דעם געשמאַק, דעם גוסט אין פוץ און אַ ביסעל חשק צו געפעלען ווערען. אָהן דעם ווייבערשען חשק צו געפינען חן, בלייבט דער מאַנסביל אַ חיה. די ליעבע צו שענקייט איז דאָס ערשטע, וואָס מאַכט דעם מענשען מענשליכער. שפּאַרזאַמקייט איז גוט, אָבער נישט אַלעס. דאָס האַרץ מוז פערלאַנגט ווערען, און דאָס האַרץ פון מאַן ווערד אַם לייכסטען פערביטען דורך די שענקייט פון ווייב.

פרוי האָבערפעלד האָט גערעדט וועגען דעד זאַך און אַנדערע זאַכען מיט איהר געוועהנליכער לעבהאַפטיגקייט. זעליג האָט אַריבערגעוואָרפען אָפטמאָל מיט פחד אַ בליק צו סולאַמיטען. וואָלט זי געווען איהם אָנגעקוקט, זאָ וואָלט זי האָבען געלעזען אין זיינע מיענעס, ווי אמת די מוטער האָט געמוזט רעדען. אָבער סולאַמיטע, זייענדיג אַ סך צו לייכטזיניג און פלאַטערהאַפט, האָט געשיינט ווענ׳יג צו הערען פון דער שענער דרשה. זי האָט געהאַט אַ גרויסען אַרבייז אויפצושניידען, און דעם שטייפען, שטאָלענעם פערוואַלטער אַביסעל צו קירקען. זעליגען האָט זי קיינמאָל נישט געקירקעט. דער פערוואַלטער האָט אויסגעשיינט איהר ליעבער. ביי שפּאַציערגאַנגען האָט זי געהאַלטען איהר האַנד אין זיין אָרעם. זעליג האָט געמוזט געוועהנליך איהר מוטער פיהרען.

שולען צו להערנען נייהען, קאָכען און פלאַנצען זענען געוואָרען באַלד איינגעריכטעט. די לעהרערקעס זענען געוועזן פלייסיג, און בשעת די דאָרפס-מיידלעך פון רויטע בענדער, שטרויהיט און נייע פאַרטיכער האָבען געהערט, האָט אָנגענומען אַלע אַ חשק צו ווערען דאָרט מייסטערקעס — דער הערר גלח האָט געליאַרמט איבער'ן חטא פון דעם תענוג; די מיידלעך האָבען גענייהט, די אינגלעך האָבען געלערנט! — אַזוי איז געגאַנגען אַלעס אין אָרדנונג.

נאָר מיט זעליגען איז נישט געגאַנגען אַלעס אין אָרדנונג. וועהרענד אַלע פויערן האָבען זייער לאָך אין אַרבעל אויסגעבעסערט, האָט ער געהאַט אַ שטאַרק לאָך, וועלכעס ער האָט בשום אופן נישט געוואוסט צו היילען. אַם בעסטען וואָלט ער אפשר געטהאָן, ווען ער וואָלט געגאַנגען צו סולאַמיטען אין איהר לעהרשולע, כדי צו לערנען, וואָס ער האָט נאָך נישט געוואוסט.

ער האָט געפיהלט, אַז סולאַמיטעס דאָ-זיין איז די סבה פון זיין אונצופריעדענקייט. ער האָט געפרובט זיך אַליין אָפט, און געקלערט, ווי אַזוי עס איז דער צרה צו העלפען; איהם האָט פערדראָסען זיין שוואַכקייט, זיין עפּעס מורא האָבען פאַר די הויכקייט פון דער וואונדערבאַרער מיידעל; איהם האָט געקרענקט איהר מוטוויליגקייט און פעסטער כאַראַקטער, וועלכען זי האָט געקאָנט אַרויסווייזען פאַר יעדערן, אָבער קיינמאָל נישט פאַר איהם. ווען ער האָט אַמאָל, זייענדיג אין בעסטען הומאָר, געוואָלט שפאַסען, איז זי געוואָרען ערנסט און האָט איהם בעטראַכט מיט אַ מין פערוואונדערונג. איז ער געוועזן ערנסט, האָט זי געקאָנט לוסטיג זיין ביז אויסגעלאַסענקייט. האָט ער געהאַט די זכיה, צו האָבען זי ביי שפאַצירגאַנגען אַלס חבר'טע, איז זי געוועזן שטיל אין שמועס; מיט אַלע אַנדערע, וועלכע פלעגען קומען פון דער נאָהנט אונס צו בעזוכען, פלוידערהאַפט. עס פלעגט אויסקומען אויך, אַמאָל אין ווינטער, צו שפּיעלען אין פפאַנד. נאַטירליך איז געוואָרען דערביי, לויט'ן פאַרצייטיגען מנהג, געקושט. זעליגען האָט מען געהאַלטען אין דער גאַנצער אומגעגנד, לויט'ן אורטהייל פון שענע, פאַר אַ היבשען מאַנסביל, און ווען עס איז געוועזן צו האָפען, אַז מיט אַ קוש וועט מען קענען דעם פפאַנד אויסלעזען, איז ער געוואָרען מיט חשק אויסגעוועהלט צום מיטהעלפער. נאָר סולאַמיטע האָט איהם קיינמאָל נישט גערופען.

# מחלוקת.

אַזוי האָט זיך אַרויסגעוויזען בולט אין אַלע קליינינקייטען, אין אַלע וויכטיקייטען סולאַמיטעס מאָדנע משונה׳דיגע אַנטיפּאַטיע, זעל־טענע אָבנייגונג. זעליג׳ס ליעבע האָט געוואַכסען; מיט דער ליעבע איז געוועזען אויך דער קאַמפּף געגען ליידענשאַפט אָהן האָפנונג. ער האָט זיך אָנגעשטעלט גלייכגילטיגער, וואָס ווייניגער ער איז עס געווען. מען ווערד צום סוף, ווי מען שטעלט זיך אָן, האָט ער געטראַכט.— דער יונגער מאַן האָט זיך מרחיק געווען פון סולאַ־מיטען, ווי ווייט עס האָט זיך געלאָזען; ער איז געקומען אין גע־זעלשאַפט זעלטענער, די ביכער האָבען געהאַט מעהר רייץ פאַר איהם. ער האָט פערטאָפּעלט זיין אונטערנעהמונג, צו פערבעסערן די שררה׳שע גיטער. ער האָט געפיהרט עטליכע אַפּענבערגס פּראָ־צעסען, וועלכע האָבען איהם פון קאַלוק אָפּט אַוועקגעפיהרט — מיט איין וואָרט, ער האָט געטהאָן אַלעס, אום צו מאַכען זיך צוריק, ווי ער איז געוועזען, אָבער ער האָט עררייכט זיין צוועק נישט אין גאַנצען. סולאַמיטען האָט געמוזט זיין דערוויטערונג ווייניג וואָס אָנגעהען. זי איז געבליעבען, ווי זי איז שטענדיג געווען פריינדליך פרעמד. אויך זי און איהר מוטער — זאָבאַלד דער פריהלינג איז געקומען — האָבען זיי געטראַכט פון אַ רייזע אין אַ ווייטע הויפּט־שטאָדט. סולאַמיטע האָט גערעדט דערפון מיט התפעלות; זעליג מיט הסכמה. עס איז געקומען אַ בריעף צו דער פרוי האָבערפעלד. נאָך אין דעם אייגענעם אָבענד איז געוואָרען איינגעפּאַקט; צו מאָר־גענס אין דער פריה איז מען אַוועקגעפאָהרען.

„און איז עס אייך אַזוי לייכט, ליעבע סולאַמיטע, אונזער שטילע, רוהיגע קאַלוק צו פערלאָזען?" האָט געפרעגט זי זעליג.

„פאַר מיר", האָט זי געענטפערט לאַכענדיג, „איז אומעטום קאַלוק."

„איך גלויב עס אייך, עס וועט ביי אייך קוים כדאי זיין די מיה, אָן אונס ווידער צו געדענקען."

דאָס זאָגט איהר נישט ריכטיג. מיינע בלומען, מיין מעדכענ־שולע טהוען מיר טאַקי וועה; אָבער וואָס מאַכען אום אפילו פיער וואָכען? איך האָב מיינע שילערינען, וועלכע וועלען אונזער דער צייט זיין די פלייסיגסטע, צוגעזאָגט, שענע זאַכען צו ברענגען."

„און וואָס ברענגט איהר מיר מיט?" האָט ער געפרעגט. ער האָט גענומען איהר האַנד אין זיינע און געקוקט איהר פעסטען בליק אין אויג.

זי האָט געשמייכעלט. „אייך? אַי נו, הערר ברודאַש, ווען איהר וועט גוט אַכטונג געבען אויף מיינע בלומען, אַ נייע גיסקאַן!" זי האָט עס גערעדט און איז אַוועקגעשפרונגען.— זעליג איז געבליבען שטעהען ווי אַנ'אָבגעבריהטער. דאָ איז עם געווען געזאָגט: זי ליעבט דיך נישט; איז אַוועקגעגאַנגען אין פעלד, און האָט זי נישט געזעהען איצט אַפילו אָברייזען.

און אַוועקגעווישט איז געווען דער גאַנצער ריח פון דער נאַטור און איהר פריהלינגס-פראַכט; אַלעס איז געלעגען אָהן גייסט, אָהן ווערט פאַר איהם. דער בוים איז געווען אַ גרינענדיג שטיק האָלץ; די נאַכטיגאַל אַ פייפענדיג פויגעל, דער אַרומבעוואַכסענער טייך אונטען ביים בערגעל אַ גרוים ערדבעקען פול וואַסער. עס האָט איהם פערדראָסען די וועלט צו זעהען; זי איז געווען אָהן נייקייט, אָהן פרישקייט, ווי אַנ'אָבגעטראָגען קלייד. זאָגאַר די פאָעטען זענען נישט געווען פעהיג, צו געבען זיין פאַנטאַזיע פליגלען, ווי זעהר ער האָט עס בעגעהרט; ער האָט געפונען די זינגער פון דער נאַטור עפעס לאַנגווייליג, די זינגער פון דער ליעבע עפעס נאַריש.

אַך, די שולד ליעגט לסוף יאָ אין דיר אַליין! האָט ער געזיפצט אָפטמאָל: זעליג, זעליג, דו האָסט דאָס גרעסטע לאָך פון דער וועלט אין אַרבעל! ער איז געווען אַ מבין אויף זיך. פיער וואָכען זענען ווי פיער יאָהר פאַרבייגעגאַנגען. סולאַמיטע מיט איהר מוטער איז געקומען צוריק. ער האָט זיך פאָרגענומען, צו עמפפאַנגען זי מיט גלייכגילטיגקייט, און ווירקליך איז געווען אַ מין רוה אַריינגעגאַנגען אין זיין האַרץ. אָבער דאָס זינדיגע מיידעל! — זי איז איהם אויף צרות געווען בליהענדער, איידער שטענדיג. איהר שמחה, צו זיין ווידער אין קאַלוק, איז נישט געווען פערבאָרגען. זי האָט צוגעוואָרפען זעליגען אַ בליק, אוים וועלכען איהר נשמה האָט געלאַכט; זי האָט איהם געגעבען געשווינדערהייד די האַנד, נאָכדעם — פונקט איז אויך דער פערוואַלטער אַרויסגעקומען פון הויז צום וואָגען — נאָכדעם איז זי געפאַלען דעם אַלטען שטייפען פערוואַלטער מיט אויסגעשפרייטע אָרעמס אַרום דעם האַלז.

זעליג האָט זיך געשייט אַ הינצוקוקען. עס האָט גערונען עפּעס בריהענדעס, גריזשענדעס איבער זיין האַרץ דאָרט. „דעם אַלזאָ ליעבט זי!״ האָט ער געטראַכט, און זאָבאַלד דער דרך ארץ האָט עס ערלויבט, איז ער געגאַנגען אין די פעלדער און האָט געפייפט אַ גאַסענליעד.

איצט איז געוואָרען דער שלום־בית, דער הויז־פריעד גע־בראָכען. האַרפּע און קלאַוויער האָבען געשוויגען. ער האָט צו־סולאַמיטען זעלטען גערעדט. קאַרגער פון איהר אין ווערטער איז ער געווען אין זיינע אַנטוואָרטען. ווען ער איז געקומען, האָט זיך אָבגעטהאָן פון איהר די מונטערקייט; איז ער אָבגעגאַנגען, האָט זי איהם נאָכגעקוקט שטיל, יראה׳דיג.

---

# בשורות פון הערין מעהלזאק.

איינמאָל אין דער פריה — די פאַמיליע איז געזעסען ביים פריהשטיק, איז אַריינגעקומען אין צימער אַ עקסטרער שליח פון באַנקיר זילבערשטיין. ער האָט געבראַכט בריעף. זעליג האָט זיי געלעזען; און איז געוואָרען בלאַס, ווי אַ בר־מינן. מיט ווייניג בע־געהר, צו וויסען, האָבען געשוויעגען די איבריגע; אָבער זיי האָ־בען עס געזעהען, ווי זיין געזיכט האָט זיך פערענדערט. ער האָט אָבגעפערטיגט דעם שליח, איז געגאַנגען אויף זיין צימער און האָט זיך פערשלאָסען אין איהם, אויך צום מיטאָג איז ער נישט אַראָב־געקומען. די פרוי האָבערפעלד אַליין האָט איהם אַרויפגעטראָגען דאָס עסען אין זיין צימער, דען ער האָט עס פערלאַנגט, ווייל ער האָט געוואָלט נאָכאַנאַנד אַרבייטען. זי איז געגאַנגען שווייגענדיג, אָהן ערלויבען זיך, אַ נייגיעריגע שאלה צו פרעגען; דאָך איהר גע־זיכט האָט אַרויסגעוויזען סמנים פון עפּעס אַ צער וועגען איהם.

ער האָט פערשטאַנען די דאָזיגע סמנים. ער האָט אָנגענומען די האַנד פון דער אשה חשובה און געזאָגט: „איך רייז מאָרגען בעגינען אָב. איהר וועט האָבען אין קאַלוק אַנ׳אַנדערן אויף מיין אָרט. אַ דאַנק אייך פאַר אייער פריינדשאַפט. היינט אָבענד זאָג איך אייך אפשר מעהר.״

„ווי?״ האָט אויסגערופען פרוי האָבערפעלד נבהל ווערענדיג:

„איהר אונס פערלאָזען? דאָך נישט אויף שטענדיג?״

„גאַנץ נאָהנט דערצו.״

„אום גאָטעס ווילען — און פאַרוואָס? קאָן הערר אַפּענבערג...

„היינט אָבענד ווערד איהר געוואָהר מעהר.״

שוויינענדיג און וויינענדיג איז אַוועקגעגאַנגען פון איהם פרוי האָבערפעלד. זעליג האָט געאַרבייט ווייטער — זיין ענטשלוס איז געווען געפּאַסט. ער האָט געהאַט דערוויילע, און באופן, אַז דער שררה אַפּענבערג זאָל דאָרט איינשטימען, צוגענומען אויף זיין אָרט איינעם אַ יונגען טאַלענטפאָלען אַדוואָקאַט, וועלכען ער האָט אין דער נאָהנטער שטאָדט געקענט; געשריבען איהם און אויך דעם פערוואַלטער אַ קלאָרע אינסטרוקציע בנוגע צו איצטיגע געשעפטען און אַנדערע, און שפּעטער אין אָבענד האָט ער זיך גענומען צום איינפּאַקען די נויטיגסטע בעדערפנישען, דען ער האָט נישט גע־האַט עפּעס אַנדערש אין זינען, ווי נאָר צו מאַכען אַ רייזע נאָך אָסטאינדיען,

הערר זילבערשטיין האָט געהאַט איהם צוגעשיקט, דאָס הייסט פון הערן מעהלזאַק אַ בריעף, וועלכען דער דאָזיגער האָט געשריע־בען פון קאַלקוטאַ קיין בענגאַליען. הערר מעהלזאַק האָט מודיע געווען אין איהם, אַז מ׳זאָל האָבען איהם דאָרט צוגענומען מיט בעטריגעריי זיין גאַנץ פערמעגען, און מוז אין דחקות לעבען; אַז ער זאָל נישט האָבען אויף צו בעצאָהלען אַנ׳אַדוואָקאַט, אום צו פיהרען זיין פּראָצעס, און נישט אויף חיונה. גערן וואָלט ער צוריק אַ היים געקומען, נאָר עס פעהלט איהם געלד צו דער רייזע; גערן וואָלט ער געוואָלט אַרבייטען, נאָר ער איז צו אַלט און שוואַך, און האָט אין דער ענגלישער שפּראַך נישט קיין גרויסע ידיעה. ער האָט געבעטען אַלזאָ דעם הערן זילבערשטיין, זיך צו ערקונ־דיגען אום דעם יונגען זעליג ברודאַש, וועלכען ער האָט אַ מאָל מגדל געווען צו תורה און מעשים טובים, דעם דאָזיגען צו מעלדען זיין שיקזאַל, און ווי ער שטעלט אויף איהם אַליין נאָך זיין האָפ־נונג. הערר זילבערשטיין זאָל איהם שרייבען, איהם פרעגען צו ער וואָלט וועלען צו הערן מעהלזאַק רייזען, זיך אָננעהמען פאַר זיין קיריך בנוגע צום פּראָצעס, און דערלענגערן מיט זיין האַנד־און קאָפּאַרבייט די טעג פון דעם אַלטען מאַן. ווען זעליג זאָל זיך קע־נען דערצו ענטשליסען, האָט געבעטען הערר מעהלזאַק, דעמזעל־

ביגען צו אונטערשטיצען מיט געלד, אויב ער זאָל האָבען שוין פערניצט די פינפהונדערט רובעל, וואָס זענען פאַר איהם איבער-געלאָזען געוואָרען צו איינריכטונג.

„קאָן זעליג", אַזוי האָט זיך געענדיגט דער בריעף, „נישט קומען, און מיר העלפען, אָדער מיך דערנעהרען, אָדער ווייסט איהר נישט זיין מקום מנוחה, וואו ער געפינד זיך, אָדער ער זאָל האָבען חלילה געענדיגט זיין לעבען: זאָ בעט איך, ערבאַרמט אייך איבער מיך פון אַלטער בעקאַנטשאַפט וועגען, און שיקט מיר עפּעס געלד. איך בעדאַרף פאַר די ביסעל יאָהרען פון מיין לעבען נישט מעהר קיין סך האָבען.

אין דעם דאָזיגען טרויעריגען בריעף האָט געהאַט הערר זיל-בערשטיין געמאַכט כל ערליי אַנמערקונגען, כמעט ווי פאָלגענדע:

זאָרג'ט נישט, מיין פריינד, וועגען דעם גורל פון דעם גוטען מעהלזאַק; דען איך וועל אַודאי צוליעב אַלטער פריינדשאַפט עפּעס טהון פאַר איהם. אַז איהר קאָנט נישט אַוועקגעהען פון קאַלוק, צו לויפען קיין אָסטאינדיען, אום אַנ'אַלטען מאַן — ווער ווייס, צי איהר וועט איהם נאָר אָנטרעפען ביים לעבען? — צו העלפען פיה-רען אַ ווינדיגען פּראָצעס, אָדער צודערנעהרען איהם אין נויט מיט סטאָליאַר-אַרבייט, דאָס פערשטעהט מען אַליין. ער האָט געוויס שוין עטליכע און זעכציג יאָהר, און מן הסתם צוליעב נישט גע-לונגענע פּלענער זעהר געעלטערט. אַחוץ דעם וואָלט איהר געמוזט זיין צו זעהר געבונדען דורך אייער קאָנטראַקט מיט'ן גראַף אַפּענ-בערג. ער איז איצט אין כערסאָן, וואו ער בלייבט נאָר לערך אַ פּאָר וואָכען. און דאַן פאָהרט ער מסתמא נאָך פּאַריז צוריק. איהר מוזט די זאַך פריהער מיט איהם רעגולירען; דען ער אַליין האָט דאָס רעכט צו בעפרייען אייך פון אייערע פּפליכטען. און ברעכען דאָס וואָרט פּאַסט נישט פאַר אַ כבוד-מאַן, ווי איהר. — געפינדט איהר בינו לבינו פאַר גוט, צו שיקען דעם הערר מעהלזאַק עט-וואָס געלד, זאָ בין איך גערייט צו בעזאָרגען איהם די סומע דורך אַ זיכערע אָנווייזונג. אויף אַזאַ אופן בעט איך אייך, מיר תיכף צו שרייבען, ווי פיעל? דען עס איז אַ שאָד צייט צו פערליערען. איך וועל דערביי מודיע זיין דעם הערר מעהלזאַק, אַז מיר איז ביז איצט נאָך נישט בעוואוסט אייער אויפהאַלטונגס-אָרט, אויף דער אָרט בלייבט איהר ביי איהם גענוג ריין."

„הערר זילבערשטיין!“ האָט אויסגערופען זעליג, בעת ער האָט דעם בריעף געלעזען, מיט ציטערענדיגע ליפּען, מיט טרעהרען אין די אויגען. „הערר זילבערשטיין, איהר זענט אַ שורקע פון אַ גוטער בענעהמונג אין געזעלשאַפט, אַ ניעדערטרעכטיגער מענש פון בעס־טען דרך־ארץ, ווי אונזערע אָרענטליכע לייט זענען געוועהנליך היינטיגען טאָג.— איך בין מעהלזאַקס זוהן און הויפּט בעל חוב. דען ער האָט מיך צו מענש געמאַכט. לויף, זעליג נאָך אָסטאינ־דיען; העלף דיין פאָטער!“

ער האָט געמאַכט אַלעם גערייט צו דער אָברייזע און האָט איינגעפּאַקט.

---

# מלחמות.

ער האָט אָנגעוויזען דעם פערוואַלטער און איהם געלעהרנט, וואָס ער זאָל פריהער פאַר אַלץ טהון, כדי עס זאָל דורך זיין פלוצליכען אַוועקגעהען גאָר נישט פערזוימט ווערען. אויך האָט ער איהם געזאָגט, אַז ער איז בדעה צו פאָהרען איבער כערסאָן, נעה־מען פון הערן אַפּענבערג זיינע פּטורים און וועט דעם דאָזיגען בעוועגען, צו איינשטימען אויף דעם פאָרגעשלאָגענעם נייען אַדוואָקאַט.

פרוי האָבערפעלד איז צוגאַנגען אין טרעהרען; סולאַמיטע איז געזעסען שטום און פינסטער אין אַ ווינקעל פון עסצימער, בשעת זעליג איז אַריינגעקומען.

„איז עס ערנסט?“ האָט געפרעגט פרוי האָבערפעלד.

„אין פולען זין פון וואָרט. איך מוז אַוועק — אפשר אויף אייביג. איך געה נאָך אָסטאינדיען.“

„נאָך אָסטאינדיען!“ האָט געשריהען פרוי האָבערפעלד, און אין דעם אויגענבליק איז געוואָרען סולאַמיטע בלייך, ווי איינע, וואָס שטאַרבט אָב. איהרע הענד מיט׳ן שטריקצייג האָבען זיך אַראָבגעלאָזען פערקיהלט אויפ׳ן שויס.

זעליג, זייענדיג צו זעהר בעשעפטיגט מיט׳ן פאָרשטעלען זיך דאָס אונגליק פון זיין פאָטער מעהלזאַק, האָט נישט געקוקט אויף דאָס מיידעל; נישט געזעהען, ווי זי איז דאָ געלעגען אין פאָטעל, גלייך ווי אַ צוקוועטשטע ליליע, אָהן מאַכט, אָהן לשון, אָהן טרעה־

רען, נאָר די האַלבאָפּענע אויגען אויף איהם געצילעוועט. ער האָט דערצעהלט זיין שייכות צו הערר\ן מעהלזאַק, דאַן דאָס אונגליק פון דעמזעלביגען, דאַן הערר\ן זילבערשטיינס שענדליכע עצה, דאַן וואָס ער מיינט לויט נאָך זיין פפליכט צו טהון.

„נישט אַזוי! איך וואָלט געווען אַ רשע מרושע, ווען איך בלייב אין קאַלוק, און אפילו איך וואָלט געהאַט דאָ דעם גן־עדן און איך וואָלט געזעהען דעם טוידט אויפ׳ן ים פאַראויס!“

„אַי, אַי!“, האָט געזאָגט דער הערר פערוואַלטער: „עס איז דאָך אַ געוואַלטיגע זאַך ריזיקירט.“

„ניין, האָט זיך אָבגערופען פרוי האָבערפעלד און געכליפּעט שטאַרקער, עס איז שען געטראַכט פון אייך, אָבער דאָך אפשר צו געשווינד געטהאָן. ווען איהר וואָלט זיך עטליכע טעג צייט געלאָזען; — אַ בעסערע עצה קומט אָפט איבער נאַכט. עס איז טאַקי שרעקליך!“ — דערביי האָט זי געקוקט אויף איהר בלאַס געוואָרענע סולאַמיטע.

די דאָזיגע האָט זיך געקעהרט מיט׳ן טוידט־פּנים קעגען די וויינענדיגע מוטער. און געזאָגט אויפ׳ן קול, ווי עס וואָלטען זי אין דעם צוזאַמענגעצוואונגען איהרע לעצטע כחות: „מוטער, ליעבע מוטער, מאַך איהם דאָס האַרץ נישט שווער. ער מוז אַוועק, ער מוז, ער דאַרף נישט בלייבען.“ — באַלד נאָכדעם איז איהר נישט גוט געוואָרען און האָט פערלאָרען דעם אָטהעם און די נשמה.

פרוי האָבערפעלד האָט געטהאָן אַ געשריי; זעליג איז געלאָפען צום טוידטען קערפער; דער פערוואַלטער האָט גערופען עטליכע מיידלעך צו הילף. סולאַמיטע איז געוואָרען אין צימער אַריינגעטראָגען. מ׳האָט געבראַכט „מים חיים“, קוואַלוואַסער, צו בעשפּריצען זי, האַרצשטערקע — אַ פיערטעל שעה איז אַריבער, ביז זי איז צו זיך געקומען. אָבער זי האָט אויפגעמאַכט די אויגען, און געזאָגט שטילערהייד: „וואָס האָט איהר געטהאָן? מיר איז געווען וואויהל. איך וויים איצט, ווי זיס עס איז, צו שטאַרבען.“

פרוי האָבערפעלד האָט געהאַט זעליגען משלח געווען. מלא שמחה זעהענדיג סולאַמיטען מיט אַ נשמה, האָט זי איהם אויפגעזוכט. ער איז געשטאַנען אין גאָרטען, האַלטענדיג מיט׳ן ציטערנדיגען אָרעם אַרומגענומען אַ יונגען בוים, דען די קניע האָבען זיך געשאָקעלט אונטער איהם. — „קומט!“ האָט זי צו איהם גע־

זאָגט, „זי איז צו זיך געקומען. זי פרעגט אויף אייך."

מיט מיה האָט ער זיך געשלעפּט צו סולאַמיטעס צימער. זי איז געזעסען אין פאָטעל. ער האָט גענומען אַ שטוהל, זיך געזעצט נעבען איהר, האָט נישט גערעדט קיין וואָרט, נאָר בעטראַכט איהרע בלאַסע מיענעם, אויף וועלכע עס האָט צוריקגעקערט אַ מאַטע רויטקייט, בעת ער איז אַריינגעקומען.

„איך האָב אייך אַ שרעק אָנגעמאַכט", האָט זי געזאָגט און געשמייכעלט צו איהם: עס טהוט מיר לייד. איך האָב נישט געקאָנט אַנדערש. אָבער מיר איז געווען וואויהל."

„און איצט?" האָט געפרעגט זעליג ציטערנדיג.

„זעהר וואויהל. — איך האָב געוואָלט אייך נאָר נאָך זעהען, זאָ לאַנג ווי איך קאָן. נישט אַזוי, דאָס לאָזט איהר? — מוטער, ג'יעב מיר אַ גלעזעל פון דעם אַלטען וויין; אויך העררן ברודאַש גיעב. איהם מוז נישט גוט זיין. ער האָט היינט פיעל געליטען. ער זאָל זיך קרעפטיגען. זיין גייסט איז שטאַרקער, איידער זיין קערפּער.

די מוטער איז געגאַנגען.

זעליג האָט נאָכאַנאַנד אָנגעקוקט סולאַמיטען — עס איז איהם געווען ווי אַ חלום. אַזאַ רחמנות האָט ער פון איהר נישט געהאָפט. נישט אַזאַ טיעפען געפיהל אין איהר דערקענט.

„קאָן עס אייך וועה זיין, וואָס איך פערלאָז קאַלוק, ליעבע סולאַמיטע?" האָט ער ענדליך געפרעגט.

„ניין", האָט זי געענטפערט: „עס איז גוט געטהאָן, וואָס איהר געהט. איהר מעגט, איהר קענט נישט אַנדערש, גאָט וועט מיט אייך זיין. איהר בעצאָהלט אַ הייליגען חוב."

„אָבער, סולאַמיטע, מיט אַ געבראָכען האַרץ. איך פערלאָז אָט דעם שענעם אָרט נישט גערן."

„איהר וועט זיך פון איהם אָבגעוואויהנען, ווי איהר האָט זיך צו איהם צוגעוואויהנט. האָט צוליעב דעם קיין עגמת נפש נישט. דער געדאַנק אָן אייער אונגליקליכען פאָטער מוז פון איצט אָן אייער כל וכל, אייער אַלעס זיין, און ער איז עס באמת אויך."

„וועט איהר אָן מיך געדענקען אין דער צייט פון מיין נישט-זיין-דאָ?"

„געוויס, און מיט אייביגער דאַנקבאַרקייט."

„דאַנקבאַרקייט? סולאַמיטע?"

„איך ווייס, פאַר וואָס איך בין זי איך שולדיג, נאָר פער־לאַנגט נישט פון מיר דאָס מודה־זיין. ניין, איך וויל עס אייך זאָגען — איך בין דורך דאָס צוזאַמענזיין מיט אייך בעסער געוואָרען. ווי איך בין געווען. נעהמט דאָס דאָזיגע בעוואוסטזיין מיט אויפ'ן וועג. אויף דער וועלט בעגעגנען מיר זיך שווערליך ווידער. דאָ דאַרפען מיר צום גוטען, זיסען סוף אָפּענהערציג זיין.

„איהר ברענגט מיך אין צומישונג אַריין, סולאַמיטע. אַזוי גיטיג האָט איהר פריהער קיינמאָל נישט גערעדט. וואָלט איהר געוואוסט, ווי טהייער איהר זענט מיר געווען! וואָלט איהר גע־וואוסט, וואָס איך פערליר דורך דעם, וואָס מיין גורל נעהמט מיך אַוועק פון אייך!"

זי האָט אַוועקגעקעהרט איהר געזיכט פון איהם. בעת ער האָט דאָס געזאָגט. אין דעם אייגענעם אויגענבליק איז אַריינגעקו־מען פרוי האָבערפעלד מיט ווין און גלעזלעך. סולאַמיטע איז גע־ווען ווידער מונטער. זי האָט געטרונקען. זעליג האָט געמוזט צוויי גלעזלאַך אין זיך אַריינגיסען. דאַן האָט זי געזאָגט: „מוטער, איך ווייס, דו צערנסט נישט; אָבער ערפיל מיין בקשה. גיעב הערר ברודאַש אַ קוש פאַר מיר, אַז איך זאָל עס זעהען."

פרוי האָבערפעלד איז רויט געוואָרען. „וואונדערליכעס קינד". האָט זי געזאָגט: „וואָס פאַר אַנ'אויפטראַג!"

זעליג האָט אַרומגענומען די מוטער און געקושט זי. „איהר זענט מיר טהייער גענוג, אַז איך גיעב אייך דעם קוש פון אייערט־וועגען אַליין!" האָט ער געזאָגט; אָבער נאַכהער צו סולאַמיטען זיך געווענדעט: „ווייל סולאַמיטע..."

ער איז צוגעגאַנגען. אַ פייער רויטקייט האָט געפלאַמט אין סולאַמיטעס פנים. זי האָט פערשטעלט מיטביידע הענד איהר גע־זיכט און געזאָגט: „אויף קיין פאַל נישט!" — נאָכדעם צו דער מוטער: „מיר איז נישט גוט! איך מוז רוהען. וואָלט איך געקאָנט שלאָ־פען, יאָהרענלאַנג שלאָפען. איך בין קראַנקער מוטער, ווי דו מיינסט. — נאַכהעד ווידער צו זעליגען: „פאָהרט לחיים ולשלום, ליעבער הערר ברודאַש! אַ גוטע נאַכט! שרייבט מיין מוטער פון דער ווייַ־טען — נאָר נאָך אַ וואָרט, איידער איהר פערלאָזט איראָפּאַ. מאָר־גען, ווען איהר זענט פערררייזט, וועט מיר גוט זיין. פערלאָזט אייך

דאַרויף. מיר פעהלט נאָר מנוחה. עס וועט מיר זעהר גוט זיין, לעבט גליקליך!?"

זי האָט איהם געגעבען די האַנד. ער האָט אָנגענומען אָט די האַנד; ער האָט זי בעדעקט מיט קושען: זיין האַרץ איז געווען געבראָכען. פרוי האָבערפעלד האָט געוויינט אויפ'ן קול. סולאַמיטע האָט אַרויסגעצויגען איהר האַנד געשווינד צוריק, האָט פערבאָרגען איהרע אויגען, און גערופען: „איך בעשווער אייך לאָזט מיך."

ער איז אַוועקגעגאַנגען.

---

# אבריזע.

ער האָט זיך פערשלאָסען אויף זיין צימער און זיך געוואָרפען אויפ'ן בעט. דאָ איז ער געלעגען די נאַכט אין קדחת. ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבען צו טאָגען איז געקומען דער וואָגען פאַר'ן הויז, און אַלע איינוואָהנער פון דאָרף זענען געקומען צו לויפען, האָבען אַרומגערינגעלט דעם וואָגען, דאָס הויז, אום זייער בעל טובה נאָך איינמאָל צו זעהען, צו געבען אַ ברכה. דען זעליג איז געווען אין משך פון יאָהר אַלע פאַמיליעס פון דאָרף טהייער געוואָרען; ביי יעדערן איז ער אַ הויזפריינד געווען, יעדער'ן אויף אַן אַנדערע אַרט. ער האָט מעהר טובות געהאַט געטהאָן אין דער שטיל, ווי מ'האָט געגלויבט. איצט ערשט דערצעהלט מען זיך, ווי ער האָט געבראַכט דאָ רפואות פאַר די קראַנקע, דאָרט קליידער פאַר די נאַקעטע, דאָרט ברויד פאַר די הונגעריגע, דאָרט אַ ערבות, אַ גאַראַנטיע פאַר געדריקטע בעלי־חובות. יעדער הויז־פאָטער האָט געגלויבט, זעליג האָט פאַר איהם אַם מעהרסטען געטהאָן, איהם און זיין פאַמיליע מעהר ליעב געהאַט, ווי אַלע אַנדערע אין דאָרף. פון יעדערן האָט ער געהאַט פערלאַנגט, עס זאָל בלייבען, וואָס ער טהוט, בסודי סודות, נישט מפרסם זיין זיינע צדקות. איצט האָט דער אַלגעמיינער טרויער איבער זיין אָברייזען געבראָכען דאָס געגעבענע וואָרט פון אַלע.

ווען זעליג איז אַריינגעקומען אין שפּייזצימער, צו עסען זיין לעצטען פריהשטיק, האָט ער געפונען דאָרט דעם פערוואַלטער און

סולאַמיטעס מוטער פערוויינט. מ'האָט גענומען פריהשטיקען; זעליג האָט זיך בעמיהט, אויפצוהייטערן די טרויערנדיגע, נאָכדעם ווי עס איז שוין געווען אַלעס פאַרטיג צו דער אָברייזע, איז ער צוערשט אַרויסגעשפרונגען, האָט געדריקט שווייגענדיג בײדע צו זיין ברוסט, זיך איבערגעגעבען זייער אַנדענקען און איז געגאַנגען. ער האָט נישט געהאַט דעם מוטה, צו פרעגען אויף סולאַמיטען; נאָר איצט — דאַ ער האָט זיך געזעגענט, האָט ער גענומען נאָך אַמאָל די האַנד פון דער פרוי האָבערפעלד און געזאָגט מיט אַ שמערצהאַפטע געבראָכענע שטימע: „גריסט פון מיינעטוועגען סולאַמיטען. זאָגט איהר, איך האָב זי זעהר געליעבט — איך וועל זי אויך אויף יענער זייט פון ים הגדול ליעבען.

אינדעם ווי ער איז אַרויסגעקומען צום וואָגען — דער פערוואַלטער און פרוי האָבערפעלד זענען געהאַנגען אָן זיינע אָרעמס — איז געווען דאָס גאַנצע פויערפאָלק פערחשכ'ט, און אַלעס האָט געוויינט אויפ'ן קול כליפענדיג. זעליג, זייענדיג שוין צו זעהר בעוועגט, האָט געוואָלט ענטלויפען; דאָ האָט געהילכט אַ קול הינטער איהם, וועלכער וואָלט איהם צוריקגעהאַלטען, ווען ער זאָלט געווען אַפילו פאַר די שווועלען פון גן־עדן געשטאַנען. ער האָט זיך אומגעדרעהט, סולאַמיטע, אין מאָרגענקליידער, בלאַס. מיט רויטאָנגעוויינטע אויגען, פול יסורים, איז געשטאַנען, און גערופען זיין נאָמען. זי איז געבליבען דערשראָקען איין אויגענבליק, זעהענדיג דעם וואָגען אַרומגערינגעלט פון וויינענדיגע; אָבער אין אַנדערן אויגענבליק איז געווען דאָס אַלעס פאַר איהר נישט מעהר אין דער וועלט.— זי איז צוגעגאַנגען ערנסט צו זעליגען. האָט אויפגעהויבען איהרע אָרעמס קעגען איהם, האָט איהם אַרומגענומען מיט ציטערניש און הערצליכקייט, און געדריקט אַ קוש אויף זייז מונד. „לעבט וואויהל!" האָט זי געזאָגט מיט אַ מאַטען קול: „זייט מיר מוחל; איך בין אַ גוססה, אַנ'אָבשטאַרבענדיגע." דערמיט האָט זי אָבגעלאָזען, און אַריינגעהיילט אין הויז צוריק.

זעליג, זייענדיג אויסער זיך, איז געוואָרען אַריינגעזעצט אין וואָגען; דער פוהרמאַן איז געפאָהרען לאַנגזאַם דורך די שורות פון די וועהקלאָגענדיגע, זעליג האָט אויסגעשפרייט שטום, מיט צער און ליעבע זיינע אָרעמס אַהין, אַזוי ווי ער וואָלט וועלען אַלע צו זיין הארצען נעהמען — נאָכדעם האָט דער וואָגען שנעל אַוועקגעראָלט.

## בעזוך בּיי העררן זילבערשטיין.

„וואָס איז׳ס דען?” האָט געטראַכט זעליג, נאָר ערשט אין עטליכע שעה ארום איז ער געקומען ווידער צו דער פעהיגקייט פון רוהיגען דענקען. „וואָס איז׳ס דען? אַלעס פערבלענדונג. — דאָס גאַנצע לעבען פערבלענדונג! — איך בין צעריסען אין די איידעלסטע און טיעפסטע געפיהלען פון מיין דאָ־זיין — עס קאָן מיר דאָס לע־בען קאָסטען. אָבער וואָס איז עס דען מעהר? פערבלענדונג! סו־לאַמיטע ליעבט מיך. זי ל י ע ב ט! זי קאָן דער קרבן פון אָט דעם שמערץ ווערען, און איך אויך. וואָס איז דען מעהר? מיר האָבען זיך פערשטאַנען צו שפעט, אָבער פריהער וואָלט עס אַלץ צו פריה געווען. זינק אין דער אַדמה, דו ענגעל! דאָ איז דיר גוט. וואָלט איך נישט געהאַט אויף זיך, צו בעצאָהלען אַ פּאָר הייליגע שולדען, וואָלט איך וועלען נאָך בעסער זיין געשטאָרבען, איידער געליעבט. עס איז אונטער׳ן הימעל נישטאָ קיין בלייבען, קיין רוהה, קיין גליק. דאָ זענען די העכסטע גליקליכקייט און פערצווייפלונג שוועס־טער פון איין פאָטער. פאַרוואָס אָבער אַזוי? גאָט איז נישט צו פערשטעהען. נאָך איז מיין חלום נישט געענדיגט; צו וואָס וויל איך זיין אַ רואה את הנולד, שוין וויסען פאָראויס, וואָס עס וועט זיין? איך טהו מיין פפליכט. איך אָפּפער די וועלט, די פריינד־שאַפט, די ליעבע, סולאַמיטען, מיך גופא פאַר די פפליכטען, וועל־כע איך מוז ערפילען — דער רבונו של עולם וויל עס — ער זאָל אָרדנען, ער זאָל פיהרען, איך מוז שווייגען. אַך, און דאָך איז ער אַ פאָטער!”

אַזוי האָט גערעדט זעליג צו זיך אַליין. אָבער ער האָט זיך געפאַסט, און האָט אויסגעקוקט אָהן מורא זיין ווייטערדיגען גורל. „דו אַליין ביסט אין דיין שמערץ שולדיג!” האָט ער געזאָגט צו זיך: „דען דו קאָנסט יעצט לאַכענדיג רייזען נאָך אָסטאינדיען, ווען דו זאָלסט סולאַמיטען נישט ליעבען. און אַז דו ליעבסט זי אַזוי, איז ליידענשאַפט, איז ווילדע תאוה און זעלבסטצולאָזענקייט. דו האָסט אַ לאָך אין אַרבעל, וועט קענען דער פאָטער מעהלזאַק זאָ־גען. — אַך, וואָלט נאָר סולאַמיטע נישט ליידען!

קעגען אָבענד איז ער געקומען קיין אָדעס. באַלד איז ער אַוועק צום באַנקיר זילבערשטיין. דער דאָזיגער איז ערשטוינט גע־

זואָרען. דאָך איז ער געווען מלא שמחה, וואָס ער זעהט איהם שוין. „איך ברענג אייך אַליין די אַנטוואָרט אויף אייער בריעף."

„און וואָס האָט איהר בעשלאָסען?" האָט געפרעגט דער באַנקיר.

נאָך אָסטאינדיען צו געהען. איך בין מיין פאָטער צו פיעל שולדיג. איך וואָלט געווען אַ חיה רעה, אַ שרעקליכע בריה, ווען איך זאָל איהם אַלט און קראַנק איבערלאָזען אין זיין צרה; איך וואָלט געקומען צו פערצווייפלונג, ווען איך זאָל וויסען, אַז דער בכבודיגער, טוגענדהאַפטער זקן האָט מיך בחנם ערוואַרטעט."

„אַלץ זעהר גוט, אַלץ גאַנץ שען, מיין ליעבער הערר ברו=דאַש; אָבער מ'דאַרף גאָרנישט טהון אָהן איבערלעגונג! אַ רייזע נאָך אָסטאינדיען איז נישט קיין שפּאַציערגאַנג. ווער זאָגט אייך גוט, צי איהר וועט אַהין קומען און ווי לאַנג עס וועט דויערן? טרעפט זיך באַלד אַ שיף? קענט איהר נישט אונטערוועגענס קראַנק ווערען? אַ שיף=ברוך ליידען? אונטערגעהען?"

„גאַנץ מעגליך. אָבער דאַן וואָלט עס געהייסען, איך האָב געטהאָן מיין פפליכט, און גאָט וואָלט געמעגט וויטער טהון נאָך זיין רצון".

„גאַנץ רעכט, אָבער ווי למשל, ווען דער גוטער הערר מעהל=זאַק — דען אַלט איז ער — וואָלט געווען חלילה געשטאָרבען, איי=דער איהר וואָלט דערלעבט זעהען קאַלקוטאַ? צו וואָס וואָלט דאַן געטויגט די רייזע אַרום די וועלט? צו וואָס דאַן צעשטערט דעם גאַנצען איצטיגען אויסגעטרעטענעם לעבענסוועג, אייער גאַנץ פער=מעגען מקריב געווען?"

„מיין לעבענסוועג ווערד קיינמאָל נישט צעשטערט. מיין וועג אין וועלכען איך געה, הייסט פפליכט. און זאָל איך אַפילו קומען אַלס בעטלער צוריק, אַי נו, איז אויך קיין אַחריות נישט, איך וויים מיך צו דערנעהרען. איך בין נאָך יונג, לאָזט מיך. איך בעט נאָר פון אייך אַן'אָנווייזונג אויף לאָנדאָן, פאַר מיין גאַנצע מזומנים. צוליעב דעם בין איך געקומען צו אייך. ווילט איהר פאַר'ן גוטען מעהלזאַק נאָך עפּעס צולעגען, הרי טוב, איז נאָך בעסער. איך וויל זיין דערפאַר אייער פערזענליכער בעל חוב, און בעצאָהלען מיט פּראָצענט און פּראָצענטס פּראָצענט, ווען איך קום איה"ש ווידער, אַפילו איך זאָל בעדאַרפען אַרבייטען ווי אַ שקלאַף".

„גאַנץ פיין אַזאַ מחשבה פון אייך. אָבער לאָמיר רעדען וועגען דער זאַך אויך קאַלטבלוטיג. דעם הערר׳ן מעהלזאַק מוז געוויס וועניגער ליגען אין זינען אייער אַנגענעהמע פערזאָן, איידער געלד צו האָבען, אום זיין פראָצעס צו פיהרען, אָדער ווידער נאָך איירָאפּאַ צו קומען. זאָל ער נאָר קריגען די מטבע, דאַן וועט ער זיין גאַנץ צופריעדען, דאַן וועט ער געפינען אַ מיטעל צו אַלעם, זאָ זענט איהר איהם גאָרנישט נויטהיג. נו אַלזאָ, זאָגט נאָר, ווי פיעל ווילט איהר איהם שיקען, ווי פיעל זאָל איך פון מיין געלד דערצו צולעגען? מיר שיקען עס איהם. אָנוויזונגען זענען היינטיגען טאָג לייכטער אַריבערצובריינגען קיין ענגלאַנד, איידער מענשען. דאָס איז פערבונדען מיט אונגעהייערע שוועריגקייטען. פאָלגט מיין עצה״.

„ניין, הערר, זילבערשטיין, דאָס קאָן איך נישט. איך בין מיין פאָטער מעהלזאַק ניצליכער, איידער אייער און מיין געלד קאָן איהם ווערען. ער איז אַלט און שוואַך, און בעדאַרף אַ זוהן, וואָס זאָל איהם העגען און פפלעגען, אונטערשטיצען און בעשיצען. אַך, אין אַזאַ מעמד איז אַ פריינד מעהר ווערט, ווי טויזענד געלד; אַ הייס וואָרט פון טרייסט איז מעהר ווערט, ווי די שטעלע, ביי וועלכער דער מענש ווערד רייכליך בעצאָהלט. לאָמיר נישט רעדען מעהר דערפון. איך רייז מאָרגען אָב נאָך כערסאָן, וואו איך וועל אָבגעבען דעם הערר׳ן אַפּפענבערג די חשבונות, זיך אָבזאָגען פון דער שטעלע און דאַנקען. ער איז אַ פיינער מאַן; ער וועט מיר קיין שטן אין וועג נישט שטעלען. ווילט איהר מיין און מעהלזאַקס גוטער פריינד זיין, זאָ בעט איך פון אייער האַנד אַ בריעף צו איהם מכח מיין זאַך. איך האָב געזעהען, ווי פיעל אייער דעה גילט ביי הערר׳ן אַפּפענבערג״.

הערר זילבערשטיין האָט איהם אָנגעקוקט שווייגענדיג. זעליג איז געשטאַנען מיט אַ פעסטע דעה פאַר איהם, און וואָס ער האָט גערעדט, איז אַרויסגעגאַנגען פון טיעפען האַרצען. אַפילו הערר זילבערשטיין האָט אויסגעוויזען צו זיין אַ מינוט געריהרט דורך אָט די אונגעוועהנליך שטאַרקע קינדס-ליעבע און דאַנקבאַרקייט — פון דעסטוועגען האָט ער געזוכט נייע טעמים, נייע מאָטיוון, אום איהם דערמיט אָבצוהאַלטען פון זיין אונטערנעהמונג.

„עס איז בחנם!״ האָט גערופען זעליג: עס זענען פאַרהאַן

אַנדערע סבות, וואָס וואָלטען געקאָנט מיך בעוועגען צו אַ שענדליכע ברירה. איך האָב געליעבט אַנ'איידעל מעדכען — איהר קענט סאָלאָמיטע האָבערפעלד — אין דעם אויגענבליק פון אָבשיידונג ערשט בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז אויך איך בין איהר ליעבע געוועןן. און דאָך — פפליכט שטעהט העכער פון גליק. אַלזאָ, הערר זילבערשטיין, זייט אַזוי גוט און גיעט מיר אַנ'אָנווייזונג.

הערר זילבערשטיין האָט געהאַט אין די אויגען פול וואַסער, ווען זעליג האָט אַזוי גערעדט. „לאָזט אייך פון מיר אַרומגעהמען!" האָט גערופען דער אַלטער און איהם געקושט: איהר זענט געוויס דאָך אַ איידעלער מאַן. איך בין מקנא העררן מעהלזאַק צוליעב אַזאַ זוהן, צוליעב אַזאַ גוטען פריינד. ווי ווענינ פאָטערס זענען אַזוי גליקליך, ווי ער? איהר זאָלט די פערלאַנגטע אָנווייזונג פון מיר בעקומען; און כּדי איהר זאָלט ביים גראַף אַפּענבערג נישט האָבען קיין שוועריגקייטען, בין איך בדעה צו פאָהרען אַליין מיט אייך קיין כערסאָן צו איהם.

זעליג איז געוועןן עטוואָס ערשטוינט איבער הערר'ן זילבערשטיינס ריהרונג. „עס איז דאָך דאָ", האָט ער געטראַכט ביי זיך גופא, „אין יעדען מענשען נאָך אַלץ אַ געטליכער פונק, ער זאָל אַפילו האָבען געלדדורשט און זיין אַ ליכוויאַרש, ווי אָט דער. דער געטליכער פונק ווערד נישט פערלאָשען אין גאַנצען. עס ווענדט זיך נאָר אָן דעם הויך, וואָס בלאָזט אין איהם.

זעליג האָט פערגעסען דעם קלוגען בריעף פון דעם באַנקיר, פערגעסען די קלוגע עצות, וועלכע ער האָט ערשט פון זיין מויל געהערט. האָט איהם מוחל געוועןן אַלע די דאָזיגע חכמות, און איהם אַרומגענומען צוליעב דעם נאָכאַמאָל, כּדי עס זאָל זיך אין איהם דערוועקען דאָס איידעלערע, וואָס ווערד אי'ם פּשוט'ן לעבען דעריבער אָנגערופען ראָמאַנהאַפט, דאָס הייסט, ווייט פון אמת, ווייל די גרויסקייט פון דער נשמה, וואָס מיר בעוואונדערן אין די מענשען פון דער אַמאָליגער וועלט, איז פון דעם ווירקליכען לעבען צו דער פּאָעזיע אַנטלאָפען.

---

## בעזוך אין כערסאָן.

ווי אונגעדולדיג אַפילו זעליג האָט צוגעטריבען די נסיעה צו

דעם גראַף אַפּענבערג, האָט דער הערר זילבערשטיין זי דאָך פערצווינגען כמעט אַכט טאָג לאַנג, „דען", האָט ער געזאָגט, „איך האָב קיינמאָל נישט גערעכענט דאַרויף, אייך צו בעגלייטען, און דאָך מוז איך עס איצט טהון. מיינע געשעפטען זענען איצט פערדרעהט, איך קאָן פון זיי אָהן שאָדען נישט אַרויסשפּרינגען און זיי וואָכענלאַנג אין פרעמדע הענד איבערלאָזען. אויך פערלירט איהר גאָר נישט דערביי. איך גיעב אייך מיין וואָרט. דער גראַף אַפּענבערג האָט אַ בריעף פון מיר. ער וויים, אַז מיר קומען; ער וואַרט אויף אונס און פאָהרט ניט אָב."

„אָבער יעדער טאָג, יעדע שעה, וואָס מיר לאָזען אַוועקגעהען", האָט געזיפצט זעליג, „פערמעהרט אויף יענער זייט פון ים הגדול נויט און ביינקעניש פון דעם בכבוד'יגען, פערלאָזענעם זקן".

ענדליך איז געקומען דער טאָג פון אָפּרייזען. מ'האָט גענומען פּאָסט-פּערד. מ'האָט זיך אַריינגעזעצט אין וואָגען. אָבער דער אַלטער באַנקיר זילבערשטיין, בעדאַרפענדיג רחבה, בעקוועמליכקייט, האָט נישט געוואָלט ביי נאַכט פאָהרען, נאָר רוהען. זעליג האָט פערלוירען רוהה און געדולד. ער, ווען הערר זילבערשטיין איז געלעגען אין בעט און געשלאָפען, האָט ערלייכטערט זיינע יסורים דורך דעם, וואָס ער האָט געשריעבען זיין טאָג-בוך, אייגענטליך פּאַר סולאַמיטען, זייגע אַליינשמועסען מיט איהר, וועלכע ער האָט איהר געוואָלט צושיקען, איידער ער וועט האָבען פערלאָזען די ברעגעס פון אייראָפּאַ.

מ'איז געקומען קיין כערסאָן. דער גראַף אַפּענבערג איז געווען דעם ערשטען טאָג נישט צו זעהען פאַר די אויגען. זעליג האָט משער געווען גאָרנישט גוטס, דען ער האָט גאָרנישט געצווייפעלט, אַז דער שררה פון קאַלוק האָט געמוזט דאָך זיך האָבען געוויזען פאַר דעם באַנקיר; אַז דאָ האָט געקאָנט זיין אַלערליי זאַכען אָבגערעדט אין דער שטיל. וואָס אמת, הערר זילבערשטיין האָט געוויזען פרעהליכע מיענעם, בשעת ער איז שפּעט אין אָווענד צוריקגעקומען; אָבער טאַקי אָט די פרעהליכקייט האָט געצויגען אויף זיך עפּעס אַ חשד.

דעם אַנדערן טאָג סוף כל סוף האָט געלאָזען דער גראַף אַפּענבערג דיביידע פרעמדע זאָגען, ער ערוואַרט זיי צום מיטאָג-

עסען. זעליג האָט געיאָגט, אַז זיי זאָלען פריהער געהען. עס איז געווען אין איהם פעסט בעשלאָסען, אַז באם דער שררה פון קאַלוק וועט וועלען איהם מאַכען שוועריגקייטען בנוגע צו זיין פערלאָזען די שטעלע, זאָל ער אין דער נאַכט פון דאַנען אָברייזען, אָהן זיך צו בעקימערן ווייטער וועגען דער בעפרייאונג.

גראַף אַפּענבערג האָט זיי אויפגענומען זעהר פיין. נאָך די ערשטע צערעמאָניעס האָט זעליג פאַרנאַנדער געלעגט מיט פּיבערהאַפּטע לעבהאַפּטיגקייט די סבות פון זיין קומען און די נויטווענדיגקייטען פון זיין בעפרייאונג. ער האָט פאָרגעלעגט די חשבונות, און בעשריעבען אין כלל, וואָס ער האָט געטהאָן פאַר קאַלוק.

„איהר האָט", האָט געזאָגט גראַף אַפּענבערג, „אַלסדינג, צו וואָס איהר האָט זיך מתחייב געווען, געטהאָן אויפ'ן בעסטען אופן, אויסער דעם איינציגען צוגעגעבענעם פּונקט מכח דער פרוי האָבערפעלד. די גוטע אַלמנה איז דורך אייך אונגליקליך געוואָרען.

זעליג איז געוואָרען פייער־רויט. „דורך מיר?" האָט ער געשטאַמעלט.

איך האָב פאָרגעסטערן ערהאַלטען אַ בריעף פון איהר. זי איז מיר מודיע, ווי טהייער איהר זענט דעם גאַנצען דאָרף געווען, ווי אַלעם טרויערט איבער אייער אַוועקגעהען. דאָ זאָל זיין אויך אַ יונגעס ליעבענס־ווירדיגעס מיידעל, דער פרוי האָבערפעלדס אַ טאָכטער, מיט'ן נאָמען סולאַמיטע, וועלכע געהט אוים, זייט דעם טאָג פון אייער אָברייזען, ממש ווי אַ ליכט.

„שרייבט זי דאָס?"

אַוודאי. די מוטער און די טאָכטער פערשטעהען גענוג, צו שעצען אייער דרייסטען ענטשלוס, צו פאָהרען נאָך אָסטאינדיען. אָבער די מוטער יאָמערט וועגען דאָס לעבען פון דער טאָכטער; דען איהר לעבען איז איצט אין סכּנה.

זעליג איז געוואָרען בלייך.

דער שררה פאָן קאַלוק איז געגאַנגען און האָט געבראַכט אַ בריעף. זעליג האָט געלעזען; ער איז געווען פון דער פרוי האָבערפעלד. די דאָזיגע האָט דערצעהלט דעם אויבענדערמאָהנטען שררה די נישט־געריכטע אָברייזע פון הערען ברודאַש; אַז זי זאָל האָבען זייט אַ לאַנגע צייט בעמערקט מיט זאָרג, ווי דערזועלביגער האָט געמוזט מאַכען אויף איהר טאָכטער סולאַמיטע אַ גרויסען איינדרוק.

זיין געשווינדע דערוויטערונג זאָל האָבען סולאַמיטעס וועזען פערענדערט, זי זאָל בעשיינפערלעך איינדאַרען, די דאָקטורים האָבען געהויבען די פלייצעס, גיעבען עצות צו פערנאַנדערשלאָגען די געדאַנקען, צו אַרומפאָהרען; נאָר סולאַמיטע זאָל נישט װעלען זיך דערוויטערן פון קאַלוק, און אויסשיינען אַליין צו שוואַך, צו דערטראָגען, די טרחות פון רייזען. דער גאַנצער בריעף האָט אויסגעדריקט דעם שמערץ פון אַ טרויסטלאָזע מוטער.

זעליג האָט זיך אַ וואָרף געטהון אויף אַ שטוהל, האָט בעדעקט זיין געזיכט מיט'ן שנופּטוך. און זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען, צו כליפּען אויפ'ן קול. הערר אַפּענבערג איז צוגעגאַנגען צו איהם. זעליג האָט צוזאַמענגענומען זיינע כחות און זיך בעהערשט.

„איך ליעז אין אייער נשמה!" האָט געזאָגט גראַף אַפּענבערג:

„און אייערע טרעהרען מאַכען גערעכט, וואָס איך האָב געטהאָן, דען איך קען סולאַמיטען. זי איז אויך מיר טהייער. זי איז איינע פון די ליעבענס=ווירדיגסטע נפשות פון איהר מין. — איהר ליעבט זי?"

„אַ ודאי!" האָט גערופען זעליג.

„זאָ בערוהיגט אייך. סולאַמיטעס געזונדקייט און די צופריעדענקייט פון איהר זעהר פיינער מוטער זענען מיר געוועזען אַזוי וויכטיג, אַז איך האָב תיכף, ווי איך האָב נאָר אָט דעם בריעף בעקומען, געשריעבען דורך אַ קוריער קיין קאַלוק אַזוי: הערר ברודאַש וועט געווים נאָך אָסטאינדיען ניש פאָהרען; די ענינים זאָלען האָבען זיך געענדערט. הערר ברודאַש וועט געווים נאָך קאַלוק צוריקקעהרען. דער בריעף איז אָהן ספק שוין אין די הענד פון דער פרוי האָבערפעלד, און פערהיט אַ גרעסערע צרה. האָב איך גוט געטהאָן?"

„איהר האָט וואויהל=געטהאָן!" האָט געזאָגט זעליג.

„און איהר געהט נישט נאָך אָסטאינדיען?"

„איהר האָט וואויהל געטהאָן, זאָג איך, און עס איז וואויהל=געטהאָן, ווען מ'ווישט אָב אין לעבען אַ טרעהר, זאָל עס אַפילו זיין נאָר מיט'ן שלייער פון אָבנאַרונג. איך דאַנק אייך, הערר אַפּענבערג, איך אַליין וויל פון דאַנען אוים אַ בריעף שרייבען קיין קאַלוק, אום די האָפנונג קרעפטיגען. צייט געוואונען, פיעל געוואונען. די צייט איז שטאַרקער איבער'ן מענשען, איידער די קראַפט פון זיינע פּרינציפּען, פון זיינע כללים אין חוקים. סולאַמיטע

זוערד דורך די פערגעבליכע ביטריקייט געראַטעוועט; אָבער איך
געה נאָך אָסטאינדיען.״

„ווי, הערר ברודאַש, ווילט איהר מיך מאַכען פאַר אַ ליגנער?״

זעליג האָט געהויבען די אַכסלען. ווילט איהר, הערר אַפּענ־
בערג, מיך מאַכען פאַר אַ חיה רעה צו מיין פאָטער, דורך וועל־
כען איך בין, וואָס איך בין?״

„ניין״, האָט גערופען הערר אַפּענבערג: איך פיהל דאָס
שרעקליכע פון אייער ברירה — דאָרט אַ פאָטער, אָדער אַ וואָהל־
טהעטער, וואָס האָט באמת אין אייך פאָטער־פראַוועס, דאָ אַ
געליעבטע.״

„און די פראַוועס פון פאָטער זענען עלטער, הייליגער, ווי
די פראַוועס פון געליעבטע. און די דאָזיגע וואָלט מוזען אויפהע־
רען, מיך צו ליעבען, ווען איך זאָל פעהיג זיין, צו אַ שענדליכ־
קייט. סולאַמיטע וואָלט מוזען מיך פעראַכטען.״

לאָמיר די זאַך בעטראַכטען פון אַנ׳אַנדער פונקט. איהר ווילט
לויפען העלפען אַ זקן, וועלכען עס וואָלט אפשר שטאַרקער און
שנעלער געהאָלפען מיט אַ רעכטע סומע געלד, און לאָזען אונטער־
געהען אַ איידעלע, אין צער פערזונקענע מיידעל, וועלכער אַלע
אוצרות פון דער וועלט בעצאָהלען נישט פאַר דעם פערלאָרענעם
פריינד. איהר געהט נאָך אָסטאינדיען, אום אפשר צו פערשענערן
די קורצע יאָהרען פון אַ בעטאָגטען מאַן, אָדער זיינע לעצטע חדשים;
און לאָזען צוליעב דעם פערדאָרבען ווערען אַ נאָר וואָס אויפבליה־
ענדיגעם לעבען מיט אַלע האָפנונגען.״

„איך האָב דעם כלל״, האָט געענטפערט זעליג, „ביי דעם,
וואָס דאָס געוויסען רופט אָן דין און חוב, רעכט און פפליכט, מוז
מען אין גאַנצען אַוועקקוקען דערפון, וואָס הייסט צופאַל און ניצ־
ליכקייט. דאָס לעבען פון מיין פאָטער און דאָס לעבען פון סולאַ־
מיטען שטעהען אין דער מאַכט פון גאָט; די יושר׳דיגע טהואַכץ
אָבער שטעהט אין מיין מאַכט. איך טהו, וואָס פפליכט בעפעהלט
מיר; איבער דאָס אַנדערע רעגירט דער, וואָס ווייס אַם בעסטען
צו מסדר זיין. עס איז נישט מיין זאַך. בין איך זיכער, צו פער־
לענגערן סולאַמיטעס לעבען דורך אַ שוואַכען כאַראַקטער — ניין,
איך זאָג נישט ריכטיג, דאָס איז עס נישט — דורך אַ גבזה׳דיגע
האַנדלונג?״

„איהר האָט מיך נישט געלאָזען אויסרעדען, הערר ברודאַש!“ האָט געענטפערט גראַף אַפּענבערג: איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך האָב געשריעבען, די ענינים זאָלען זיך האָבען געענדערט. און דאָס איז אין אמת׳ן דער פאַל. — איך געה אין געוועט, איהר פאָהרט נישט נאָך אסטאינדיען.“

„ווי? זאָל הערר מעהלזאַק זיין שוין אפשר געשטאָרבען? אָדער ווילט איהר מאַכען, איך זאָל עס גלויבען?“ האָט זעליג גערופען מיט שרעק: אָדער זאָלט איהר האָבען אפשר נאַכריכטען פון אַ זיכערע קוועלע, אַז מיין פאָטער איז אויפ׳ן צוריקוועג נאָך איי־ראָפּאַ? איך בעט אייך, פייניגט נישט מיין נשמה. איך האָב אָהנדעם יסורים גענוג.“

„פון דעם אַלעם גאָר נישט!“ האָט געענטפערט שמייכלענדיג גראַף אַפּענבערג: „אָבער — אפשר וועט איהר ערשטוינען — איהר זענט דער אייגענטהימער פון קאַלוק. איך בין עס נישט; איך בין עס געוועזען נאָר אַ קורצע צייט. הערר מעהלזאַק האָט געהאַט דאָס דאָרף דורך מיין האַנד געקויפט, אָבער פאַר אייך האָט ער גע־האַט עס בעשטימט. דאָס האָט איהר געזאָלט אָבער געוואָהר ווע־רען אַ יאָהר נאָך אייער צוריקקומען פון דער רייזע. הערר זילבער־שטיין איז געוועזען דער מאַן, וואָס האָט פערווירקליכט דעם ווילען פון הערר׳ן מעהלזאַק. איהר האָט געזאָלט פריהער געפּרובט ווע־רען. אַזוי איז לויט הערר׳ן מעהלזאַקס וואונש; דאַן ערשט זאָל געהערען אייך דאָס דאָרף. איך וויל אייך היינט איבערגעבען דעם שטר מתנה, דעם אַקט, וואָס בעווייזט, אַז דאָס דאָרף איז פער־שריעבען אויף אייך אַלס געשענק. איהר האָט אין קאַלוק געהאַנ־דעלט אויף אייער וואָהלטהעטערס שטייגער. דאָס גוט געהערט צו אייך.“

זעליג איז געוועזען צוטומעלט. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס צו זאָגען. ענדליך האָט ער גערופען מיט אַ ציטערנדיגען קול, און די אויגען פול טרעהרען געהויבען צום הימעל: „גוטער מעהלזאַק, דו האָסט געקלערט נאָר פאַר אַנדערע, קיינמאָל נישט פאַר זיך; איצט ביסט דו נישט מעהר אָרעם! — ווען עס איז אַזוי, און איך האָף, הערר אַפּענבערג, אַז איהר מאַכט אין אָט דעם ערנסטען אויגענבליק נישט קיין שפּאַס מיט מיר: זאָ פּראָפּאָניר איך אייך אָדער הערר׳ן זילבערשטיין אַ זעהר גוטען משא ומתן. דאָס דאָרף

קאַלוק טראָגט איין איצט ציגזען, ווי איינעם וואָס האָט אַ קאַפּיטאַל פון הונדערט טויזענד רובעל. אין עטליכע יאָהר אַרום קאָן עס ווערט זיין אַ סך מעהר. איך פערזעץ עס ביי אייך אין דרייסיג אָדער פיערציג טויזענד. ווילט איהר מיר געבען די סומע אין וועכסלען אויף לאָנדאָן?״

„איידער מיר געהען צו צו דעם״, האָט געזאָגט העררר אַפּענבערג, מיט אָנזועהענדיגער אונרוהיגקייט, מוזט איהר דאָך דעם שטר מתּנה האָבען אין די הענד.״

ער איז געגאַנגען און האָט איהם געבראַכט.

העררר זילבערשטיין האָט, באַלד ווי העררר אַפּענבערג איז צוריקגעקומען מיט׳ן שטר מתּנה אין האַנד, אַרומגענומען זעליגען, געדריקט איהם שווייגענדיג צו זיין ברוסט, און איז נאַכהער אַרויסגעגאַנגען מיט נאַסע אויגען פון צימער. — העררר אַפּענבערג איז געוועזן נישט וועניגער גערירט. ער האָט אַוועקגעגעבען זעליגען דאָס דאָקומענט, איהם אַרומגענומען, און איז נאָכגעגאַנגען געשווינד דעם העררן זילבערשטיין, אום צו פערהוילען זיינע טרעהרען, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט איינהאַלטען.

---

# דאָס דאָקומענט.

זעליג האָט נישט געקאָנט בעגרייפען די אויפפיהרונג פון דיביידע אַלטע העררען. ער האָט זיי לאַנג נאָכגעקוקט. וואָס האָבען זיי?״ האָט ער געקלערט: „זיי שיינען צו זיין גערירט. מיין ענטשלוס, צו רייזען נאָך אָסטאינדיען איז זיי ממש געפעלען, טאָ פאַרוואָס זשע שטעלען זיי זיך אין דער לענג און אין דער ברייט ענטקעגען? וואָס איז זיי פאַר אַ נפקא מינא, צי איך געה איצט אָדער בלייב? וואָס האָבען זיי דערביי צו געווינען אָדער צו פערלירען? דען ביי מענשען, וואָס זענען אין עולם הזה אַריינגעטהאָן, וואָס עלטערן זיך אין גשמיות, קומט עס סוף כל סוף דאָך אָן אויף געווינען אָדער פערלירען, טרעפען אָדער פעהלען,

ער האָט זיך געזעצט ביים פענסטער, און אָנגעהויבען אַריינצוקוקען אין דאָקומענט. ווען ער האָט דערזעהען אין איהם מעהלזאַק׳ס נאָמען, וואָס איז געוועזן מיט זיין אייגענער האַנד געשריע=

בען, האָט ער געקושט דעם אָרט, אויף וועלכען די טהייערע האַנד האָט געהאַט אַמאָל גערוהט. נאָכדעם האָט ער געלעזען. עס איז געווען ווירקליך אָבגעשריעבען דאָס גוט מיט אַלע פראַוועס און פרייהייטען אויף זעליג ברודאַש, וועלכען ער האָט אָנגערופען זיין געליעבטען קעסטקינד (Wychowaniec). ערשט ביי דער אונטערשריפט האָט זיך דערשראָקען זעליג. דער גאַנצער אַקט האָט געשיינט צו זיין פאַלש. ער איז געווען געמאַכט אין כערסאָן און לויט דאַטע ערשט פאַר צוויי טעג; אָבער מעהלזאַקס אונטערשריפט פונקט נאָכגעמאַכט, אַזוי ווי עס וואָלט געווען טאַקי זיינע.

ער איז אויפגעשפרונגען פון שטוהל, אום די אַדונים אויפצוזוכען. האַסטיג איז אַריינגעגאַנגען מיט אַ פרעהליכע מיענע הערר אַפענבערג.

„נישט אמת, איך האָב רעכט, ליעבער ברודאַש?“ האָט ער גערופען מיט אויגען, וועלכע האָבען פאַר שמחה געלויכטען: „איצט שלאָגט אייך אָסטאינדיען אַרויס פון די געדאַנקען, און בלייבט דאָ.“

„בחנם וואָס איהר רעדט“, האָט געשריען זעליג צוקאָכט, „דער אַקט איז פאַלש!“

„ניין, ער איז נישט פאַלש, נאָר אמת, אויף מיין וואָרט אמת!“

„אָבער אויף איהם איז די דאַטע פון פאָרגעסטערן.“

„ריכטיג“.

„ווער האָט מיין פאָטערס אונטערשריפט געשריעבען?“

„ווער זשע דען, אַז נישט ער אַליין? איהר מוזט דאָך זיין האַנדשריפט קענען.“

„טאַקי וויל איך קען זי. פאַרוואָס האָט ער דאָס געשריעבען?“

„מיין גאָט, איהר זעהט עס, איהר לייענט עס דאָך פאָרגעסטערן.“

„פאָרגעסטערן! איהר ברענגט מיך צו משוגעת מיט אייער שפּאַס. וואָס איז דען דאָס? ווי קאָן ער שרייבען? איז ער פון קאַלקוטאַ? איז ער צוריק? איז ער פון אָסטאינדיען אַהיים געקומען?“

„ניין, הערר ברודאַש.“

„נישט צוריק? דאָס איז אַ סתירה, אַ ווידערשפרוך!“

„ניין, קיין סתירה נישט, ניין! ער איז נישט געווען אין אָסטאינדיען!“ האָט אויסגערופען אַ הייליגע שטימע אין אַנדערן צימער.

דאָ האָט זיך געעפֿענט די טהיר. דאָ איז אַריינגעקומען האַנד אין האַנד מיט הערען זילבערשטיין דער אַלטער הערר מעהלזאַק. דאָ האָט ער אויסגעשפרייט זיינע אָרעמס קעגען זעליגען און גערופען: „מיין זוהן!” און האָט אַרומגעהאַפּט דעם יונגען מאַן. וואָס איז דאָ געשטאַנען פערגליווערט, ווי אַ בילדזייל, און האָט נישט געוואוסט, וואָס עס האָט זיך מיט א'הם געטהאָן.

„ניין, מיין טהייער קינד, איך בין באמת נישט געווען אין אָסטאינדיען. קום אַהער, דריק מיך צו דיין העלדיש האַרץ, דו ביסט די פרייד פון מיין גאַנצען לעבען. שטאַרקער, שטאַרקער דריק מיך צו דיר! דו ביסט לויט מיין וואונש. גאָט אין הימעל זאָל דיך בענשען. איך קאָן עס נישט”.

---

# ערקלערונגען.

די שמחה פון אַלטען גוטען מעהלזאַק איז געווען נישט קלע־נער, ווי די ענטציקונג פון איבערראַשטען זעליג, וועלכער האָט לאַנג נישט געקאָנט קיין וואָרט געפינען, אום זיין צושטאַנד אויס־צודריקען. מ'האָט געהאַט זיך אַזוי פיעל צו זאָגען און געזאָגט זיך אַזוי פיעל, אַז מען האָט זיך אין עטליכע שעה אַרום נאָך אַלץ נישט פערשטאַנען, און נישט געוואוסט, ווי אַזוי דאָס איז אַלעס.

„איצט, קינד”, האָט דער פאָטער מעהלזאַק אָנגעהויבען: וויל איך דיר דערצעהלען אַלעס כסדר ווי עס איז צוגעגאַנגען. זעץ דיך! — זעהסט דו, עס איז אמת, פערדרום האָב איך על כל פנים געהאַט אין אונזער שטאָדט. איך ווייס נישט ווי אַרום עס איז גע־קומען דערצו, צו וועלען מיך מכבד זיין מיט אַנ'אָרדער. דאָס אָב־שיקען צוריק איז געווען טאַקי אַ גרויסע בעליידיגונג, און דאָס טהוט מיר נאָך ביז איצט באַנק. מ'האָט אָנגעהויבען אויסצוטראַכ־טען אויף מיר כל ערליי בלבולים. דאָס און בעזאָנדערס די זלזולים, צו וועלכע די מעשה מיט'ן גראַף פאָן זאַלצוואַסער האָט געבראַכט, האָט מיך שטאַרק פערדראָסען. צוליעב דעם האָב איך איינגעפּאַקט און פערלאָזען די שטאָדט. עס איז געווען דאַמאָלס, ווען איך האָב דיר געשריעבען, דו זאָלסט מיר רעגעלמעסיג שרייבען, אַפּילו ווען דו קריגסט פון מיר קיין אַנטוואָרט נישט, דען דאָס שרייבען ווערד

מיר שוועך; און קאָנסט דיינע בריעף שיקען צו מיין אַלטען גוטען פריינד זילבערשטיין.

איך האָב מיך אַוועקגעזעצט אין אַ קליין גוט, און געלעבט דאָ לוסטיג און רוהיג אין דער שטיל. דאָ האָט מיך גאָט געשטראָפט, אום איך זאָל נישט גלויבען, אַז דאָ אונטען קאָן זיין דער הימעל; און איך האָב בעקומען פוילע גאַלפיעבער. צו דער דאָזיגער צייט האָט מען מיך געפרעגט אויך וועגען מיין צואָה, ווייל שטאַרבען איז גאַנץ מעגליך געווען. די לייט האָבען געהאַט רעכט. ווער עס קאָן נישט אַלע טאָג שטאַרבען און פרעהליך מיט אַ פעקעל מצוות אַהינקומען פאַר'ן אויבערשטען ריכטער, אָ דער האָט באמת אַ לאָך אין אַרבעל. דו פערשטעהסט מיך געוויס זעליג.

אָבער נו, האָב איך אונגליקליכער מענש נישט געהאַט קיין קינדער; יאָ ווייטע קרובים, וועלכע האָבען נייגיעריג געוואַרט אויף מיין טוידט, נאָר דאָס רוב אַזאָלכע לייט, וואָס ווייסען מיט'ן געלד נישט צו בעל הבית'ווען: דאָס הייסט, זיי ווייסען נאָר פון פראָצענטערכנונגען, שפּאָרען פאַר זיך, ווילען האָבען אַ צורה פאַר לייטען, פיהרען אַ ברייטען טיש, שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע, און רופען עס משוגע, נאַריש, ווען מען ענטבעהרט זאָגאַר צוליעב דעם, אום צו האָבען איבערפלוס לטובת אַנדערע, וואָס האָבען עס נישט. די לייט, האָב איך מיר געטראַכט, האָבען פאַר זיך שוין כ'לעבען אַ סך צו פיעל. — איך האָב געהאַט אַפילו מאַנכע קינדער דערצויגען אָדער געלאָזען דערציהען, אָבער צי זיי וועלען זיין, וואָס זיי האָבען געזאָלט זיין, דאָס האָב איך נישט געוואוסט. זיי האָבען געהאַט אַלע זייער לאָך אין אַרבעל. איך האָב עס געמאַכט קורץ און שאַרף, אויסגעזעצט יעדערן אַ סומע, אָהן אונטערשיעד, ווייל איך האָב דאָך נישט געקאָנט דאָס מינדעסטע מיט זיך מיטנעהמען, און בין געזונד געוואָרען.

ערשט יעצט אין דער קראַנקהייט, ליגענדיג צו בעט פון געדונגענע בעדיענט, האָב איך געפיהלט טיעף די נויטהיגקייט, צו ווערען געליעבט לטובת מיין נפש אַליין. דאָ האָב איך געטראַכט עפטערס וועגען דיר, און איך האָב געבענקט נאָך דיין צוריקקעהרען. דו ביסט געקומען. איצט האָב איך געוואָלט וויסען, צו דו קאָנסט אויך זיין דער מאַן אָהן אַ לאָך אין אַרבעל. איך האָב געהאַט אָבגעקויפט דאָס דאָרף קאַלוק, אַ אמת'ער לומפען-נעסט.

דאָ קאָן איינער געפּרובט ווערען, האָב איך מיר געקלערט, צו ער האָט קמח, דאָס הייסט, קאָפּ, מוח, חכמה. מיין גוטער פריינד, הערר פאָן אַפּענבערג, איז שוין געווען אַזוי גיטיג און געליהען זיין נאָמען דערצו. הערר זילבערשטיין האָט געלאָזען אויסשרייבען די שטעלע אין דער צייטונג, געבראַכט דיר דאָס בלאַט, געפיהרט דיך צו׳ם גראַף אַפּענבערג, און דאָס איבריגע ווייסט דו. איך וואָלט נישט בעדאַרפט קיינמאָל זיך ווייזען פאַר דיר; דען נאָר קענען לערנען האָב איך געוואָלט דיך.

דאָ האָט מיר דער שרה אַפּענבערג אַריינגעשטעלט אַ פּונקט, לטובת אַנ׳אָרעמע אַלמנה, וועלכערס מאַן איך האָב גוט געקענט. דער מאַן איז געהאַט געווען איינער פון מיינע יוגענדפריינד. די פרוי איז געווען אַ מלאָך בצורת אשה, אַ ענגעל אין געשטאַלט פון אַ נקבה; וואָלט זי נישט געהאַט געליעבט מיין פריינד האָבערפעלד, זאָ וואָלט איך זי געהאַט גענומען פאַר אַ ווייב. דען איך האָב זי מיידעלווייז געליעבט אין דער שטיל. זי האָט גאָר נישט געוואוסט דערפון; דאָ בין איך אָבגעשטאַנען און אונטערדריקט מיין סימ־פּאַטיע, וואָס האָט מיר געקאָנט, איך וויל עס נישט לייקענען, אויפרייסען אַ לאָך אין אַרבעל. נאָר דורך אַפּענבערג האָב איך ערהאַלטען פון צייט צו צייט נאַכריכט וועגען מיין אַלטער ליעב־שאַפט. און אַזוי ווי דער איידעלער האָבערפעלד איז אָהן פערמע־גען געשטאָרבען, האָב איך געלאָזען די אַלמנה פערזאָרגען דורך אַפּענבערג. מיר האָבען זי אַריינגעזעצט אין קאַלוק. דען די פרוי, האָב איך געזאָגט צו אַפּענבערג׳ן, איז געווים נאָך אַ מלאָך. „און ווען זי איז אַ מלאָך״, האָט ער געזאָגט, „זאָ איז איהר טאָכטער סולאַמיטע געווים אַ שרף, אַ פייערדיגער ענגעל״. נו, האָב איך געטראַכט, אם כן, ווען עס איז אַזוי, און זעליג איז דער רעכטער מאַן, זאָ וועט עס דאָ נישט פעהלען, און פרוי האָבערפעלד מיט איהר שרף איז געבליבען אין קאַלוק און דיך האָבען מיר אַ הינ־געשיקט.

„אַזוי אָפט ווי דו ב׳יסט געווען ביי הערר׳ן זילבערשטיין, כדי איהם איבערצוגעבען געלד און חשבונות, האָב איך געריזט פער־שטעלטערהייד דורך קאַלוק. מיין האַרץ האָט מקבל נחת געווען פון דיר. דו האָסט אָנגעהויבען פון לאָך אין אַרבעל. דו האָסט אין איין יאָהר פיעל אויפגעטהאָן. דאָ האָב איך בעשלאָסען, דיך

פאַר אַ זוהן אָנצוזונעהמען, און דיר מיין האָב און גוטס אָבצוגעבען. דען, האָב איך געטראַכט, זעליג איז געגאַנגען אין מיינע דרכים. ער איז אַ גוטער יונג. אָבער צו ער קאָן מיך אויך ליעבען, ווי אַ פאָטער? — דאָס איז געווען ביי מיר נאָך די וויכטיגסטע פראַגע. נאָכדעם האָבען מיר געשפיעלט די קליינע קאָמעדיע, אין וועלכער דיין האַרץ איז אויך אַביסעל אין די קלעם גענומען געוואָרען. זאָל עס דיך נישט פערדריסען. דו האָסט מיך אַלטען מאַן גליקליך געמאַכט און צוריק אין דעם פערלאָרענעם גן־עדן געפיהרט. איצט הערען די קאָמעדיעס אויף. איך וויל געהען מיט דיר נאָך קאַלוק; וואוינען מיט דיר, העלפען דיר אַביסעל; אין קאַלוק וועלען מיר אונס דעם הימעל אויף דר׳ערד בויען, און דעם הימעל איבער די שטערנס פערדיענען. מיט׳ן גרויען קאָפּ וויל איך איצט דער פרוי האָבערפעלד מודה זיין מיין נישט־פעררעכטע, טרייע ליעבע, און מיט׳ן בעוואוסטען שרף מאַך דו אַנ׳ענדע.

---

# דער שרף.

איך שרייב גאָרנישט פון דעם, וואָס פרייד, דאַנקבאַרקייט און ליעבע האָבען איצט אַרויסגערעדט פון זעליגען. איך דענק, יעדערער וועט זיך לייכט פאָרשטעלען זיין גליקליכקייט. אין דער ערשטער פרייער אָבענד־שעה, זייענדיג איינער אַליין אויף זיין צימער, האָט ער מיט טרעהרען פון שמחה און מיט אויפגעהויבענע הענד געדאַנקט דער השגחה, וואָס הערשט געטליך און פול מיט ליעבע. דאַן, דאָס האַרץ נאָך זייענדיג טיעף בעוועגט, האָט ער זיך געזעצט צום שרייבטיש. ער האָט געשריעבען דער פרוי האָבערפעלד די געשיכטע פון זיין גליק און סולאַמיטען די געשיכטע פון זיין האַרצען, און די וואונשען פון דעמזעלבען.

הערר מעהלזאַק האָט געהאַט אין זיינע עסקים נאָך אַזוי פיעל פערשיעדענעס צו רעגולירען אין כערסאָן, אַז דריי וואָכען זענען פערגאַנגען, ביז עס האָט געקאָנט געטראַכט ווערען וועגען דער נסיעה קיין קאַלוק. אונטער דער צייט האָט זיך געלאָזען שוין פיהרען אַ קאָרעספּאָנדענץ. פרוי האָבערפעלד האָט געענטפערט, ווי אַ בעגייסטערטע. זי האָט מודיע געווען, ווי סולאַמיטע איז אין

גאַנצען געגעזען, און אין איהר נישט=אַרויסגעוויזענער חדוה מעהר גלייך צו אַ הימילשע, איידער צו אַ בשר ודם. אויך סולאַמיטע האָט געשריעבען. זעליג האָט געלעזען איהר בריעף, אַזוי אָפט ווי ער האָט געקאָנט אַריינחאַפּען אַ מינוט פון איינזאַמקייט; און האָט ער נישט געקאָנט לעזען, האָט ער דאָך בעטראַכט, האָטש פער=גנב'עט און געשווינד, איהרע שריפטצוגען; און איז איהם נישט געווען אַפילו אָט דאָס פערגניגען פערגונען, זאָ האָט ער געהאַלטען וועניגסטענס אין האַנד די הייליגע בלעטער, וועלכע ער האָט אומעטום מיט זיך מיטגעטראָגען, און איהם איז געווען דאַמאָלס, ווי ער וואָלט אָנגעריהרט סולאַמיטעס האַנד.

דאָס מיידעל איז געבליעבען אויך אין איהרע בריעף אַזוי משונה'דיג, ווי זי איז געווען אי'ם פערזענליכען אומגאַנג. „ניין", האָט זי געשריעבען, „איך ליעב אייך נישט. איך קאָן אייך נישט ליעבען. אויך פערזיכערע איך אייך, אַז קיינמאָל איז פאַר אייך נישט אַריינגעקומען אַזאַ געפ'הל אין מיין האַרץ. מיין מוטער ליעב איך, מעהר פון אַלעם מיין עהרליכע מוטער. איך ליעב די גאַנצע וועלט. אָבער אייך — עס שטויסט מיך פון אייך אַוועק. איך ווייס נישט, ווי איך מוז עס אָנרופען, ווי איך מוז עס בעשרייבען. עס איז יראַת הכבוד, עהרפורכט, אַנדאַכט. איהר טהוט רעכט, מיך צו ליעבען. מעהר פערדיען איך אויך נישט. עס איז שוין צופיעל, וואָס איהר ווילט געדענקען אָן די נישט=וויכטיגע בריה, ווי איך בין; וואָס איהר קענט זאָגען, אָהן מיר וואָלט די וועלט געווען גאָר=נישט, תהו ובהו. אָבער — איך אייך ליעבען — דאָס וואָלט געווען צו מענשליך. איך האָב מורא מיט דעם געמיינעם וואָרט צו מחלל זיין מיינע געפיהלען. עס איז אין אייך עפּעס געטליכעס, וואָס איהר האָט מיר דורך אייער נאָהנטקייט מיטגעטהיילט. צו=ליעב דעם איז אַלעס אַנדערש געוואָרען, די גאַנצע נאַטור אַנדערש. איידער איהר זענט אין קאַלוק געקומען, איז געווען דאָס אַלעס נישט אַזוי. איך האָב געזעהען אויך די זאַכען, אַזוי ווי אַנדערע האָבען זיי געזעהען. איצט אָבער נישט מעהר. עס איז איבער אַלעם אַ נייער גייסט.

איך וואָלט קיינמאָל נישט געהאַט דעם מוט, אייך צו זאָגען דאָס מינדליך; אָבער זייענדיג ווייט פון אייך הערט מיין מורא אויף. אַזוי גלויב איך, האָט דער מענש נאָר דאַרום דעם מוט, צו גאָט

מתפלל זיין, ווייל ער קאָן איהם נישט זעהען. אָהן אייך, וואָס אַנ'אמת, אָהן אייך וואָלט איך נישט געקאָנט עטהעמען, אָבער איך פערשטעה נישט, ווי קאָן איך נאָהנט פון אייך לעבען און שטענדיג מיט אייך זיין? מאַכט מיך גלייכגילטיגער, צעשטערט דאָס זעלטענע געפיהל, וואָס ציטערט מיך דורך שוין ביי דעם געדאַנקען אָן אייך. ווערד עהנליכער צו אַנדערע מענער — דאַן וועל איך קענען זיין, ווי מיט אַנדערע; און אפשר בין איך גליקליכער, וואָס מענשליכער איך שטעה געגבען אייך, און איהר פאַר מיר דאָ".

הערר מעהלזאַק, וועלכער האָט סולאַמיטעס בריעף געמוזט לעזען, און גערן געלעזען, האָט געשמייכעלט. „זעליג", האָט ער געזאָגט, „דער שרף האַלט דיך פאַר אַ כרוב, אָבער איהר בני-שמים, איהר הימעלקינדער וועט שוין אַקערפער בעקומען. געדולד!"

---

# בעשלוס.

וועלענדיג איבערראַשען זעליגען אין כערסאָן אויפ'ן אַנגענעהמסטען אופן, איז הערר מעהלזאַק געפאָהרען מיט איהם אין אַ אָבענד צום גראַף אַפּענבערג אויף טהע, און ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען אין צימער האָבען איהם פרוי האָבערפעלד — און סולאַמיטע בעגעגענט נאָך אין רייזעקליידער. זעליג איז געוואָרען בלאַס פאַר שמחה'דיגע מורא, האָט אַרומגענומען די מוטער מיט כח, אָבער זיינע אויגען האָבען געהאַנגען פעסט אָן סולאַמיטע, וועלכע איז דאָ געשטאַנען אָהן בעוועגונג, שטאַרק גליהענדיג, מיט אַראָבגעלאָזענע בליקען. די אָנגענומענע עטיקעטען און קאָמפּלימענטען פון דער אַזוי אָנגערופענער פיינערער וועלט, וועלכע זענען זאָנסט אַ פלאָג פון די בעסערע מענשען, האָבען אָפט אַלס הילף ביי פערלעגענהייטען אַ אונשעצבאַרען ווערט. דורך זיי האָבען זיך געפונען צוזאַמען די ליעבענדע, וועלכע האָבען הינטער אַלגעמיינע פערבינדליכע ווערטער פערשוויעגען דעם הויכען רוף פון האַרצען: מ'האָט זיך געלערנט זעהען, אָהן ציטערן; זיך שמועסען אָהן פערלעגענהייט. די דריי אַלטע הערען האָבען געמאַכט דעם פרעהליכען שפּאַס פאַר'ן טיש-חבר, און הערר מעהלזאַק האָט ערקלערט דער פרוי האָבערפעלד, ווי ער איז בחור-וויז געוועזען אין איהר שטאַרק פערליעבט, און איצט, אַלס זקן, וויל ער איהר ערשטער גוטער פריינד זיין. —

באַלד האָט מען זיך איינס דאָס אַנדערע געקענט; באַלד האָט מען געהאַט איינער דעם אַנדערן אַלעס געזאָגט.

„אָבער די דאָרט האָבען זיך נאָך אַלץ נישט אַלעס געזאָגט, איך מיין, אייער טאָכטער און מיין זוהן!״ האָט אַריינגערעדט שטיל אין אויהער הערר מעהלזאַק זיין פריינדין האָבערפעלד: „לאָמיר איבערלאָזען זייביידען אַ שעה צייט צו פּלוידערן אין גאָרטען״.

מ׳איז געגאַנגען צום גאָרטען. צווישען בלומען און קשאַקען האָט זיך געפונען מאַנכע פערבאָרגענע ערטער. זעליג און סולאַמיטע זענען געוואָרען בכיון פון אַלע פערלאָזען. הערר מעהלזאַק און פרוי האָבערפעלד האָבען בעשטימט אונטער דער צייט דעם קינפטיגען גורל פון די יונגע לייט.

דאָך איין שעה נאָך דער אַנדערער איז פערגאַנגען, און זעליג און סולאַמיטע זענען נישט געקומען ווידער פאַר די אויגען. די זון האָט אָנגעהויבען צו פערגעהען און זיי זענען אויסגעבליבען.

„די זאַך מאַכט מיר זאָרג״, האָט אָנגעהויבען הערר מעהלזאַק, „די זענען אפשר פאַר לויטער התפעלות אָהן אָטהעם געבליבען. הערר מעהלזאַק האָט גענומען דעם אָרעם פון דער מוטער. מ׳האָט געזוכט די פערשוואונדענע. קיין קול האָט זיי נישט אויסגעגעבען. ענדליך האָט מען זיי געפונען אין דעם געדיכטען קשאַק. דאָ זענען זיי געשטאַנען, ווי צוויי בילדזיילען, אונטער אַ צווייענדיגען, שלאַנקען דיכט אין איינסאַנדער פערוואַכסענעם בוק-בוים; ביידע די אָרעמס איינס אין דאָס אַנדערע דורכגענומען. און זיי האָבען די טריט פון די קומענדיגע נישט געהערט. ערשט בשעת פאָטער און מוטער האָבען זיי ביידע מיט זייערע אָרעמס אַרומגענומען, זענען זיי גענעזען געוואָרען פון דעם רויש און געקומען אין „עולם האמת״, אין די ווירקליכע וועלט צוריק.

„גאָט צו דאַנק, וואָס איהר האָט נאָך אַ אָטהעם!״ האָט גערופען הערר מעהלזאַק: — „אָבער דאָס געפעלט מיר נישט פון דעם כרוב און שרף! אַוועק! מאָרגען יאָג איך ביידע אַרויס פון דעם גן-עדן, דען איהר האָט איצט פון עץ הדעת גענאַשט, און געפונען, אַז איהר זענט צוויי גאַנץ נאַטירליכע מענשען. פון היינט אָן זאָלט איהר ווי אייערע אָבות עסען אייער ברויד בזיעת אַפּים, אין שוויים פון אייער אַנגעזיכט; אָבער פערשטעהט זיך, ביידע צו-זאַמען, ביידע האָט איהר, ווי איך בעמערק איצט גוט, אַ לאָך אין

אַרבעל. קיינער היילט עס נישט, נאָר דער הערר ראַבינער!"

פערשעמט זענען געגאַנגען די יונגע לייט מיט די געליעבטע עלטערן צוריק. דעם אַנדערן טאָג האָט געלאָזען הערר מעהלזאַק דאָס פּאָר צוזאַמענבינדען דורך חתונה, און פון דער חופּה-בימה אַריינשטייגען אין רייזע-וואָגען. „מיין זוהן", האָט געזאָגט הערר מעהלזאַק, „פאַר דיר איז דאָ קיין אָרט נישט מעהר אַפּילו אויף אַ פיערטעל שעה. מיר אַלע רייזען איבערמאָרגען קיין קאַלוק, און מאַכען דאָרט אונזערע איינריכטונג פאַר דאָס לעבען: דו פאָהרסט איצט קיין מאָסקווע, קאַסירסט מיר איין די געלדער, לויט אָט דער פאָרשריפט, און קומסט שפּעטסטענס אין צוויי וואָכען אַרום קיין קאַלוק צו אונס. סולאַמיטע מעג דיך בעגלייטען אויף דער רייזע, כדי עס זאָל דיר נישט זיין לאַנגווייליג".

און טאַקי אַזוי איז עס געשעהען. שוין אַם צוועלפטען טאָג איז געקומען זעליג מיט זיין יונג ווייבעל קיין קאַלוק, וואו דער פאָטער מעהלזאַק, פרוי האָבערפעלד און באַלד דאָס גאַנצע דאָרף איז זיי מלא שמחה ענטקעגען געלאָפען. סולאַמיטע האָט געבליהט ווי אַ רויז. זי האָט פערזיכערט, אַז דורך איהר ערשטע ליעבע איז זי געטליך געוואָרען; אָבער עס מוז זיין ווירקליך נאָך געטליכער, ווען מ'זאָל עטוואָס מענשליכער ליעבען.

